•

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*

•

*Original publication data*

| | |
|---|---|
| AUTHOR | Weissbrod, Abraham |
| TITLE | Es shṭarbṭ a shṭetl : megileś Sḳalaṭ / Avraham Ṿaysbrod ; baarbeṭ un redagirṭ fun Y. Ḳaplan. |
| IMPRINT | Minkhen : Aroysgegeben fun der Tsentraler hisṭorisher ḳomisye baym Tsenṭral ḳomiṭeṭ fun di bafrayṭe Yidn in der Ameriḳaner zone in Daytshland, 1948. |
| DESCRIPT | 184 p. : bill., ports., maps ; 20 cm. |
| SUBJECT | Jews – Ukraine -- Skalat.<br>Holocaust, Jewish (1939-1945) – Ukraine -- Skalat.<br>Skalat (Ukraine) -- History. |
| ADD'L NAME | Kaplan, Yiśra'el. |
| ADD'L TITLE | Skalat destroyed. |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

אברהם ווייסבראָד

# עס שטאַרבט אַ שטעטל

## מגילת סקאַלאַט

באַארבעט און רעדאַגירט פון י. קאַפּלאַן

אַרויסגעגעבן פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע ביים צענטראַל קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד.

מינכען 1948

*ABRAHAM WEISSBROD*

# *ES SHTARBT A SHTETL*

## *SKALAT DESTROYED*

*Edited by I. KAPLAN*

*Published by the Central Historical Comission of the Central Committee of Liberated Jews in the U. S. Zone of Germany.*

*Munich* *1948*

# פ אָ ר װ אָ ר ט

מיט דעם בוך „עס שטאַרבט אַ שטעטל" הייבט אָן די צענטראַלע היסטאָ־
רישע קאָמיסיע אין מינכען צו פאַרעפנטלעכן אין בוכפאָרעם גרעסערע אַרבעטן פון
יחידים, וואָס גיבן זיך אָפּ ברייטער מיטן באַשרייבן דעם חורבן פון די יידישע
יישובים, ווי אויך מיט זייערע אייגענע איבערלעבונגען בעתן נאַצי־רעזשים. וועגן
דער וויכטיקייט היינט פון אַזוינע אַרבעטן איז גאָר איבעריק צו ריידן. צענדליקער
און הונדערטער קהילות זיינען מיט דער ראַפינירטסטער אכזריות געוואָרן אַרויס־
געריסן און פאַרשניטן, ניט איבערלאָזנדיק אַזעלכן דאָקומענטאַלן שפּור אָדער זכר
פון זייער חורבן און אומקום. אין אַן אַ צאָל שטעטלעך, און אויך שטעט, איז אפילו
ניט צו דערגיין וווּ די מאַסן־קברים פון די אומגעבראַכטע יידן געפינען זיך אין
דער געגנט. ווער רעדט נאָך פון די יאָרצייטן פון די אַקציעס אָדער אַנדערע איינצל־
הייטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט מיט די יידן איידער מען האָט זיי אומגעבראַכט.

די היסטאָריאָגראַפיע פון אונדזער לעצטן חורבן אין איר ברייטערן פאַר־
נעם איז היינט אָנגעוויזן דער עיקר אויף די עדות און באַשרייבונגען פון דעם הייפל
לעבנגעבליבענע. יעדע גבית עדות, יעדער פּרט, און זאָל זיין אויך איש מפּי איש,
איז דערביי וויכטיק. און עס איז באַזונדערש צו באַגריסן ווען אַ מענטש, וואָס האָט
אַליין דורכגעמאַכט דעם חורבן, גיט זיך אָפּ מיטן צונויפשטעלן אַ ברייטערע באַ־
שרייבונג, אַ מאָנאָגראַפיע פון דעם אומקום פון אַ גאַנצער קהילה, ווי דאָס בוך
וואָס ווערט דאָ אַרויסגעגעבן.

אברהם ווייסבראָד האָט זיך מיט זיין ווערק געגעבן די מי צו שטעלן אַ
מצבה זיין געבוירנאָרט סקאַלאַט, אַ שטעטל אין מיזרח־גאַליציע. נאָך אונטערן רע־
זשים פון די נאַציס האָט ער זיך גענומען צום זאַמלען דעם מאַטעריאַל, אויספרעגן
מענטשן און זיך קלערער מאַכן אין מערערע פּרטים פון די געשעענישן מיט די יידן
פונעם שטעטל. פיל ברייטער איז אַוועק זיין אַרבעט נאָך דער באַפרייאונג. מיט
גרויס פלייס האָט ער זיך דאַן אַ וואָרף געטאָן צונויפנעמען וואָס מער ידיעות. ער

האָט געפּאָרשט פון די איינציקע צוריקגעקערטע אין סקאלאט גופא. ער איז אויך ארומגעפאָרן זוכן אנדערשוווּ די לעבנגעבליבענע סקאלאטער און אויסהערן פון זיי זייערע איבערלעבונגען. מיט ניט ווייניק מענטשן האָט ער זיך דורכגעשריבן. ער האָט גרונטיק נאָכגעפאָרשט פּרט פאר פּרט פון די געשעענישן אין שטעטל און וועגן דעם גורל כמעט פון יעדן יחיד דאָרט. און אזוי איז דעם מחבר געלונגען צוזאמענצושטעלן זיין ניט־קליינע ארבעט וואָס ליגט דאָ פאר אונדז. און כאָטש דאָס בוך באגרענעצט זיך נאָר מיט סקאלאט, ווארפט עס ניט ווייניק ליכט אויך אויפן חורבן פון נאָך און נאָך יידישע יישובים אין גאליציע און אין אנדערע טיילן פון פוילן, וואָס אויך דאָרט זיינען די געשעענישן פארלאָפן כמעט אויף אן ענלעכן אופן ווי אין דעם באשריבענעם שטעטל.

אין זיין איבערגעבן די פאסירונגען און איבערלעבונגען ווייזט ארויס אברהם ווייסבראָד פיל קראפט פון שילדערונג. ערטערווייז רופט ער ארויס אפילו אונדזער באוווּנדערונג מיט זיין מאָלערישקייט. ווייסבראָדן איז ניט פרעמד אויך דער סאטירישער שטיינער שרייבן, וואָס גראָד ביי דעם ניט־היימלעכן אינהאלט פונעם בוך טראָגט עס אריין א לייכטערע אָטעם־פויזע און א געוויסע לעבעדיקייט. א נייגונג ניט קיין קליינע האָט דער מחבר צום פילאָזאָפירן. פארטיפטע אריינטראכטונגען און פסיכאָלאָגישע חקירות זיינען ביי אים די אָפטע באגלייטערס פון דעם סיפור־המעשה גופא. ליידן אפשר די חקירות פון מחבר, און נאָך מער זיינע מסקנות, פון פריצייטיקייט, צוליב דער נאָך גאָר קורצער צייט־דיסטאנץ וואָס טיילט אונדז אָפּ פון די געשעענישן אליין, — דאָך גיבן צו זיינע אריינטראכטונגען פיל קאָלאָריט דעם אינהאלט פון בוך, מאכן פארן לייענער קלערער די פּראָבלעמען פון דער ווילד־טראנישער צייט און דערוועקן אים אויך צו פארטראכטן זיך טיפער אין גאנג און כאראקטער פון די געשעענישן.

צוליב דער זעלבער קורצער צייט־דיסטאנץ, און ביי דער גאנצער אָנגענליטער אטמאָספער, אין וועלכער מיר לעבן נאָך, איז געווים אויך ניט צו פארלאנגען פון דעם מחבר, וואָס זיינע נאָענטסטע האָבן זיך אליין געפייניקט אין סקאלאטער געטאָ און אין די דערבייאיקע לאגערן, אז ער זאָל דורכוים אויסהאלטן דעם קאלטן און געמעסיקן טאָן, ווי אויך די פולע אָביעקטיוויטעט, ביים באהאנדלען דעם אויפפיר פון די פערזאָנען, אייגענע יידן, וואָס האָבן פארנומען העכערע פּאָסטנס אין די אינערלעכע אָנפיר־אָרגאנען. מהאי טעמא קען מען אפשר ניט אין אלץ מסכים זיין מיט

די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען פֿונעם מחבר און זיינע דעציזיעס בנוגע אָט די מענטשן. מעגלעך אויך אַז ביי זיין באַלייכטן עטלעכע אַנדערע פֿאַקטן בעט זיך אַ געוויסע קאָרעקטור. — וואָס שייך אָבער דעם עצם צוגאַנג פֿון מחבר צו די פֿאַרשיידענע פּראָבלעמען, און באַזונדערש זיין איבערגעבן די פֿאַקטן אַליין, מעשׂים שהיו, — אין דעם איז ניט צו מטיל ספק זיין; דאָ איז גלייך צו מערקן ווי דער מחבר איז דורכגעדרונגען מיט אַ טיפֿער אויפֿריכטיקייט, און אויף יעדן פּרט, וואָס ער גיט איבער, ליגט דער חותם פֿון פֿעדזעגלעכן געוויסן, דורכגעווייטאָגטער איבערלעבונג און, וואָס דער עיקר, געפֿיל פֿון געזעלשאַפֿטלעכער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט.

די ליטעראַטור פֿון אונדזער לעצטן חורבן איז נאָך אַזוי אָרעם, און דער חורבן אַליין אַזוי מוראדיק גרויס, אַז דער פּרינציפּ פֿון כּל המרבה לספּר איז דאָ בפירוש אַ מיצווה שהזמן גרמא. איז טאַקע צו אויפֿנעמען מיט דער גאַנצער אויפֿמערקזאַמקייט אַזאַ ווערק ווי „עס שטאַרבט אַ שטעטל". וואָס זיין מאַטעריאַל איז אַזוי זאָרגפֿול און מיט הייליקן ברען געזאַמלט, און דאָס בוך אַליין ערנסט און פֿיין געשריבן, ממש לשמה. אַזאַ אַרבעט איז באמת אַ וויכטיקער צושטייער פֿאַר דער געשיכטע פֿון אונדזער גרויסער קאַטאַסטראָפֿע. זאָל זיין אַברהם ווייסבראָדס אַרבעט אַ ביישפּיל און אָנרעגונג פֿאַר די יידן פֿון אונדזער שארית הפּליטה, אַ דערמאָנונג פֿאַר יעדן איינעם פֿון אונדז, צוווידמען צייט און כּוחות אויף שטעלן ענלעכע מצבֿות אויך פֿאַר די נאָך פֿיל און פֿיל אונדזערע אָפּגעשטאָרבענע און פֿאַרשניטענע שטעט און שטעטלעך!

י. קאַפּלאַן.

# צום אָנדענק פון שטעטל

## (אריינפיר)

דער חורבן פונעם פוילישן יידנטום האָט זיך בלוטיק איינגעשריבן אין דער ליידנס־געשיכטע פונעם יידישן פאָלק.

יעדע שטאָט און שטעטל אין פוילן, וווּ נאר עס האָט אמאָל פולסירט א יידיש לעבן, איז אין דער לעצטער וועלט־מילחמה געוואָרן דאָס אָרט פון דער גרעסטער טראגיק און מארטירערטום.

אויסגעשטאָרבן זיינען די יידישע שטעט און שטעטלעך פון פוילן. צעשטערט און פארברענט צוזאמען מיט די יידישע לעבנס, צוזאמען אפילו מיט די בית־עלמינס.

ביים היינטיקן טאָג איז נימ פאראן אינעם קליינעם פוילישן שטעטל אפילו קיין זכר פון א ייד. די קליינע רעשטלעך פונעם חורבן, וועלכע וואָגלען ארום צעזייטע און צעפרייטע איוף פרעמדער ערד, זוכנדיק א היים און א מאָרגן, ווייסן צו דערציילן שוידערלעכע פרטים פון די שחיטה־שטעט. יעדער על פי נס אָפּגעראַטעוועטער יחיד איז דער לעבעדיקער און הויפּט־עדות אינעם מאָנסטרום־פארברעכן, וואָס רופט זיך יידישער מאסן־מאָרד; יעדעס שטעטל באזונדער איז א מאָנומענט פאר אלע צייטן, א גרויסער דאָקומענט פון טראגיק און קידוש השם; יעדעס איינגעפאלענע הייזל, יעדער שפּאן ערד, יעדער שטיין איז באקלעפּט מיט יידיש בלוט, וואָס שרייט, מאָנט און פרעגט: פ א ר װ א ָ ס ?..

אויב ווען מיר זאָלן שוין וויסן געגוי דעם פרויעריקן סך־הכל פונעם טאָטאלן אונטערגאנג פון דעם פויליש־יידישן שטעטל, — האָט נאָך אָבער יעדעס שטעטל באזונדער זיין ספּעציפישע געשיכטע, זיין אייגנארטיקן ליידנס־וועג, וואָס דערציילט אונדז וועגן דער פארשיידנארטיקייט פון דער גרויסער מארטיראָלאָגיע.

די מענטשלעכע ליידן פון יענער צייט זיינען אזוי גרענעצלאָז און שוידער־

לער, אז ווען מען פּרוּווט דאָס היינט דערציילן, קלינגט דאָס כמעט אומפאַרשטענדלער און אפילו ווי אומגלייבלעך.

און היינט, ווען איך וויל דערציילן וועגן דער גרויסער טראַגעדיע פון א קליין שטעטל אין גאַליציע, האָב איך דערביי צוויי כוונות: 1. אויפן סמך פון די אייגענע איבערלעבונגען און געזאַמלטע מאַטעריאַלן וויל איך געבן א באַשרייבונג פון דעם יידישן אומקום אין דעם דורכשניטלעכן גאַליצישן שטעטל. וואָרעם ווי נאָר היטלער האָט אָוועקגעשטעלט זיין ברוטאַלן שטיוול אין גאַליציע, האָבן די געשעענישן מיט די יידן אומעטום באַקומען די זעלבע פאָרעם. וויל איך אין דעם בוך איבערגעבן פון דעם יידישן גערַאנגל אין גאַליצישן שטעטל, דעם קאַמף און אומקום; ווי אזוי עס האָט אמאָל געבליט א יידישער ציבור אין דעם יידישן שטעטל, וו די מענטשן האָבן נאָכדעם געהאַט אזוי פיל אויסצושטיין און ווי אזוי זיי זיינען אומגעקומען, ביז די לעצטע פון די לעצטע. די גרויסע טראַגעדיע פונעם קליינעם שטעטל זאָל אויך פאַרפיקסירט ווערן אין ליכט פון אָביעקטיוון אמת, אָן גוזמאות, אָן באַצירונגען און אויסרימערייַ. דאס דערציילן דעם ברוטאַלן אמת, אויך זיך מודה זיין אין אייגענע פעלערן און שוואַכקייטן, דאַרף ניט באַטראַכט ווערן, ווי א פאַרשוועכונג פון זיכרון פון אונדזערע קדושים, נאָר ווי א שטרעבונג צו געבן דורכוים א געטרייע באַלויכטונג, וואָס זאָל דינען אויך אלס מוסר השכל פאַר אונדזער דור און צוקונפט. 2. מיט דער באַשרייבונג וויל איך שטעלן א מצבה דעם אויסגעמאָרדעטן יידישן שטעטל סקאַלאַט. דאָס קליינע שטעטל סקאַלאַט און סביבה מיט די בערך 5000 יידישע איינוווינערס, וועגן וועלכע עס וועט וויניקער געשריבן ווערן, ווי וועגן וואַרשע, קאָוונע אָדער ווילנע; דער לאַגער אין סקאַלאַט מיט זיינע 400 העפטלינגען, וועלכער איז ניט אזוי וועלט-באַוווּסט, ווי למשל, טרעבלינקע, אוישוויץ אָדער מיידאַנעק — איז אָבער דווקא אָט דער קליינער ציבור אין זיין טיפער און שטילער טראַגעדיע, הגם אין קלענערן פאָרמאַט, אזוי שווער אומפאַרשטענדלעך, אזוי באַזונדערראַרטיק גרוייליק, אז דאָס פאַרלאַנגט באמת א טיפן פּסיכאָלאָגישן אַריינטראַכטן און גרונטיק אַריינדרינגען אין דער מעטאַפיזיק פון ליידן און טויט.

א הייליק מיסטעריום, א בלוטיקער סימבאָל וויקלט זיך אַרום דעם עבר פון מיין שטעטל. און ביים פאַראייביקן דעם אנדענקן פון יענע קדושים, שוועבט אום זייער גייסט, ער וועקט, דערמאָנט און מאָנט: פ א ר ג ע ס ט נ י ט אָ ן א ו נ ד ז!!

מיין שטעטל איז געשטאָרבן.

איך בין ווייט היינט פון מיין היים, אָבער נאָך איצט הער איך דעם יאָמערדיקן געוויין פון זיינע מאסן־קברים, נאָך איצט הער איך דעם לעצטן קרעכץ פון מיין פאָטער ז"ל, וועלכער האָט אין איינעם אזא קבר אויסגעהויכט זיין ריינע נשמה, צוזאמען מיט אלע אנדערע קדושים, קרובים, פריינד און חברים פון מיין שטעטל. נאָך הער איך איצט דעם הייליקן אָפהילך פונעם לעצטן „שמע ישראל" — אויסגעשריי. ביז שינעון מאכט עס אויפשוידערן!

מיין דערציילן די טרויעריקע געשיכטע וועגן לעבן און אומקום פון מיין שטעטל — איז דער ווייגעשריי פון די טויזנטער אומגעקומענע דאָרט.

ווי שוואך אָבער זיינען ווערטער אקעגן דער גרויסקייט פון מות־קדושים!!!

ניטאָ מער דאָס יידישע שטעטל, געבליבן איז בלויז זיין זיכרון.

זאָל אויך דערפאר מיין באשיידענע ארבעט זיין די סימבאלישע מצבה פארן זיכרון פון אלע קדושים וטהורים פון מיין אָפגעשטאָרבענעם שטעטל סקאלאט.

וינוחו בשלום על משכבם.

דער מחבר.

# דאָס שטעטל פון אמאָל

צוויי קילאָמעטער הינטערן שטעטל, ביים סאמע ראנד פון א וועלדל, שפּראָצט ארויס פון דער ערד א שטיינערנער קאָלאָס: א פעלז, וואָס איז הויך, ברייט און ריזיק. מיט זיין גלאטער און האלבקיילעכדיקער פאָרעם זעט ער אויס פון דער ווייטנס ווי א גוואלדיק גרויסער מענטשלעכער קאָפּ מיט א פליך. ארום דעם פעלז זיינען אויף א גרעסערן שטח צעזייט קליינע פעלזיקע בערגלעך, וואָס קוקן אויס קעגן אים, דעם ריז, ווי קארליקעס. די נאטור אליין האט אפּנים אָנגעמאָסטן דעם נאמען סקאלאט פארן שטעטל, ווייל אין סלאוויש הייסט א פעלז „סקאלא“.

עס זיינען יאָרן און דורות געגאנגען און א יישוב איז דאָ געוואקסן און גע-וואקסן. די פּאָדאָליער ערד איז פרוכטבאר און האט פון קדמונים דערפאר גע-צויגן צו זיך מאסן איינוווינער. פון א קאָלאָניע איז דאָ גיך ארויסגעוואָקסן א דערפל, פון א דערפל — א דאָרף, פון א דאָרף — א שטעטל, פון א שטעטל — א שטאָט, די שטאָט סקאלאט, וואָס איז דורך יאָרן און דורות ארומגעפלאָכטן געוואָרן מיט א קראנץ פון 72 דערפער. צווישן וועלדער און פעלדער, צווישן טאָלן און לאָנ-קעס זיינען געוואקסן די כאטעס און געמערט זיך די מענטשן. און אונטערן צייכן „פון שוויים אויף דעם שטערן“ האט ארבעט געבליט, האט ארבעט געשפּייזט. דער זברוטש האט געשטראָמט אין דער מיטן און אָנגעצייכנט ביי פּאָדוואָלאָטשיסקע, טארנאָרודע און אדורך פיל אנדערע דערפלעך די רוסישע גרענעץ, א מהלך 12 קי-לאָמעטער פון סקאלאט.

סקאלאט, דאָס שטעטל אין טארנאָפּאָלער קרייז, מיזרח-גאליציע, אין גע-וועזענעם פוילן, פארמאָגט זיין אייגענע געשיכטע ווענן קאמפן און ניצחונות, ווענן טאטארן און קאָזאקן, וועגן פייער און בלוט.

פונעם זיבצנטן יאָרהונדערט אפיר קוקן ארויס פונעם שטעטל 4 טורעמס מיט רויט-קאכליעדיקע דעכער, וואָס דערהייבן זיך פון די אלע 4 עקן פון דער ארומיקער ריזיקער מויער. אָט שטייען קליינע אלט-מאָדישע קרומע און איינגע-הויקערטע הייזלעך, אויסגעשטעלטע אין שורות. מען זעט אויך איינציקע כאטעס,

כאָטיש צעוואָרפענע, וואָס בייגן זיך כורעים טיף צו דער ערד. אין סאמע מארק=פּלאַץ אקעגנאיבער דער קירך, הויקערט זיך מיט דעם ביסל הייזלעך דאָס אלטיטשקע פּיציניע=געסל—א זכר פון דער גרויסער שרפה צוריק מיט א יאָר 50, ווען נאָר דאָס געסל איז על פּי נס אָפּגעראטעוועט געוואָרן. דאָרט ארום צעלייגן זיך די קליינינקע, ליימענע הייזלעך, אָנגעשפארטע איינס אָן דעם אנדערן, און פון זייערע דורכגעפוילטע שינדל=דעכער גרינט ארויס דער הויך=אָנגעוואקסענער מאָך. דאָ זעט מען די פּאָר פארהושכטע, גרויסע אריינפאָר=הייזער, מיט די אומגעלומפּערטע ראָמבואידן=פאָרמיקע דעכער און ברייטע פּאָדאשקעס, אונטערגעשפּארטע פון סלופּעס. דאָ און דאָרט, מייסטנס אין די הויפּט=גאסן פון סאמע צענטער, שטייען די פּאָר איינשטאָקיקע הייזלעך מיט גרוי צינקענע דעכער. פון זיי טיילן זיך אויס באַזונדער די בנינים פון דער שול, פון דער סטאראָסטווע, פון דער פּאָסט, פונעם גע=ריכט און, ביים ראנד פון שטעטל, דער גרויסער סאָקאָל=בנין. זיי קוקן ארויס מיט גאווה, גלייך זיי וואָלטן געווען וואָלקן=קראצער, די העכסטע דערגרייכונג פון דער מאָדערנסטער טעכניק אין דער קליינשטעטלדיקער ארכיטעקטור . . . דער קלויסטער פונעם מארק=פּלאַץ, די צערקווע פון דער גמינע גאס און להבדיל די שול פון דער באָד=גאס שלאָגן זיך בולט אפּיר פון אלע בנינים, און שוין פון דער ווייטנס דער=ציילן זיי באלד יעדן אז דא אין סקאלאט ווערט גאָט געדינט דורך 3 רעליגיעס. יידן, אוק=ראינער און פּאָליאקן לעבן דאָ צוזאמען שוין הונדערטער יאָרן. עס האָבן זיך גע=בונדן אלטע טראדיציעס מיט נייערע צייטן. מען האָט צווישן זיך געשלאָסן מיט=חרים, עסקים, געהאנדלט, געוואנדלט, געליען זיך געלט. האָבן אויך פארשיידענע ווינטן געמעגט בלאָזן, מען איז אָבער צווישן זיך דורכגעקומען.

פון די קרוב 8000 איינוווינער, וואָס באפעלקערן סקאלאט מיט אירע פּערי=פעריעס (מאנטיאווע, פּרעטשעפּינקע, קריווע, נאָווי=שוויאט און קשיאָנזשע קאט) זיינען אין יאָר 1939 געווען ביי 60 פּראָצענט יידן, וועלכע האָבן דאָ פארנומען דעם סאמע צענטער פון שטעטל. א באפעלקערונג: קליינהענדלערס, בעלי=מלאכות, סוחרים, א ביסל פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ, באאמטע און — דער גרעסטער טייל — אָרעמעלייט, תורה=לערנערס, בטלנים פונעם עלטערן דור און סתם יידישע ליידיקגייערס, צוליב ארבעטסלאָזיקייט. קען מען טאקע אָנרופן סקאלאט א יידיש שטעטל. יע, סקאלאט איז אין גאליציע איינס פון די עלטסטע יידישע שטעטלעך, וו עס רעכנט זיך א יידישער יישוב נאָך פונעם זעכצנטן יאָרהונדערט און אפשר נאָך פריער.



א גרופּע סקאַלאַטער יוגנט פון פאַראיין „התאחדות“ אויף אַן אויספלוג ביי דער „סקאַלע“ (1927). נאָר געציילטע פון די אַלע לעבן היינט.



דער וועד פון פאראיין „התאחדות“ אין סקאלאט פאר דער מילחמה. ערשטער פון רעכטס אין דער שטייענדיקער ריי — דער מחבר פון בוך. נאָר 4 פון די אלע לעבן היינט.

ביים סוף פון נײַנצעטנטן און אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז גע־גאַנגען א שטאַרקע עמיגראַציע קיין אמעריקע, צוליב נויט, הונגער און אויסזיכטס־לאָזיקייט. דערצו האָט אויך נורם געווען דער אנטיסעמיטיזם און די פּאָגראָם־כוואַליע פון רוסלאַנד. הונדערטער מישפּחות אין סקאַלאַט האָבן מיט יאָרן שפּע־טער באַקומען שטיצע פון זייערע קרובים פון עבר־לים. דאָס האָט אויך א ביסל געלינדערט די נויט. אמעריקאַנער לאַנדסלייט האָבן מיט דער צייט אויפגעשטעלט אין שטעטל א גרויס יתומים־הויז אויפן נאָמען פון לואיס ראָזענבלאַט; זיי האָבן געהאָלפן אויסבויען די קאָאָפּעראַטיווע באַנק און די גמילות חסד־קאַסע, מיט וועל־כער יידן האָבן זיך אַרויסגעהאָלפן מיט הלוואות אין די קריטישע צייטן.

א יידיש לעבן האָט געבליט אין סקאַלאַט. עס זײַנען דאָ טעטיק געווען אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן רעגולירט דעם סאָציאַלן, קולטו־רעלן, רעליגיעזן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. כאָטש סקאַלאַט איז געווען א פרומע און חסידישע שטאָט, איז דער אונטערגעוואַקסענער נײַער דור געגאַנגען אויף די וועגן פון פּראָגרעס און נאַציאָנאַלער מאָדערנער דערציאונג. אַלע פּאַרטייען, פון עקסטרעם לינקס ביז עקסטרעם רעכטס, זײַנען געווען אָרגאַניזירט און משפּיע גע־ווען אויף דער יוגנט. דאָס שטעטל האָט זיך ניט אונטערשיידט פון אַנדערע פּוילישע שטעטלעך, וואָס זײַנען געשטאַנען אין טאָג־טעגלעכן קאַמף פאַר עקסיסטענץ און מענטשלעכע רעכט.

מיטן ריטעם פון דער געשיכטע, אינעם פּלאָנטער פונעם פּאָליטישן וועלט־גאַנג, אונטער דעם כסדרדיקן בייטן זיך פון רעזשימען, האָבן אויך די סקאַלאַטער יידן דורכגעמאַכט קאַלט און וואַרעם. צו ערשט די אַלט־פּוילישע הערשאַפט, דער־נאָך די עסטרײַכישע, די ערשטע וועלט־מילחמה, די אוקראַינישע בליץ־מלוכה, ווי־דער די פּוילישע, די צווייטע וועלט־מילחמה מיט דעם סאָוועטישן אַרײַנקום אין גאַליציע, און נאָך דעם די דײַטשע אָקופּאַציע מיט די אַלע נאָכווייענישן אירע, און ווידער אַמאָל די סאָוועטן, אָבער דאָס מאָל שוין אָן יידן...

פאַרשיידענע רעזשימען האָט דאָס יידישע סקאַלאַט דורכגעמאַכט דעם גורלדיקן לײַדנס־וועג, מיט די אַלערליי נגישות און צרות, הונגער און פּײַן — און דאָך דורכ־געלעבט און דורכגעהאַלטן די שווערסטע צײַטן. ערשט דער דײַטשער וועלט־מטורף איז עס געוואָרן דער מלאך־המית, דער תליון פון דעם שטעטל, ווי פון די אַלע שטעט און שטעטלעך אין גאַנץ פּוילן. —

**זאָלן איצט פאַקטן דערציילן וועגן לעבן, געראַנגל און אומקום פון סקאַלאַט!**

## ערב דעם פייער

ווען עס איז אויסגעבראָכן די מילחמה צווישן דייטשלאַנד און ראַטן־פאַר־באַנד (22.6.1941) איז נאָך אין שטעטל סקאַלאַט אָנגעגאַנגען א נאָרמאַל לעבן. די סאָוועטן האָבן אין די 22 חדשים פון זייער הערשאַפט אין מיזרח־גאַליציע באַוויזן צו אריינברענגען א געוויסע רו און אָרדענונג אין לעבן. די פּאָליאַקן, די געוועזענע באַלעבאַטים פון דעם לאַנד, וואָס האָבן אָקערשט פאַרלאָרן זייער מלוכה־שע זעלבסטשטענדיקייט, האָבן מיט ציינקריצעניש פאַרטראָגן דעם אַזוי גערופענעם „רויטן גלות“. אויך די אוקראַאינער, וועלכע האָבן פון תמיד געהאַט צו אָט דער ערד הערשערישע אַפּעטיטן און געטרוימט וועגן פולער סוווערעניטעט, האָבן זיך באַצויגן צו דער ראַטנמאַכט מיט שינאה און צווייפּנימדיקייט. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך צו יענער צייט בכלל געפונען אין א זייער אומאַנגענעמען מצב, צווישן האַמער און קאָוואַדלע, פון איין זייט די נייע מאַכט, און פון דער צווייטער זייט דער פּחד פון „למה יאמרו השכנים“. דער אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט דאָ געשפּראָצט פון גאַנצע דורות אַפיר און איז געווען טיף איינגעוואָרצלט אין דער נשמה פון די ניט־יידישע שכנים, האָט ערשט איצט געהאַט דעם ריכטיקן און פּרוכטבאַרן פעלד פאַר וווקס און עקספּאַנסיע. דאָס אַריינקומען פון די סאָוועטן איז געווען דער ברענשטאָף, וואָס האָט נאָך מער געהאָלפן אויפבלאָזן דאָס פייער פון שינאת־ישראל. „זשידאָ־קאָמונא“ האָט מען דאָך יאָרנלאַנג אויף דער פּוילישער ערד געפּרעדיקט, און איצט „פּאַנאָשען“ זיך די יידן ווי ביי זיך אין די היימען מיט די אייגענע מהותנים און פריינד...

בכלל האָט איצט יעדער געאַרבעט, און עס האָט זיך געלעבט אי גוט אי שלעכט, לויט די צוגעפּאַסטע באַדינגונגען פון דעם נייעם רעזשים. עס איז געווען א גאַנץ נאָרמאַלע דערשיינונג וואָס די יידן האָבן זיך גיכער געקענט צופּאַסן צו דעם נייעם לעבן. די סאָוועטישע מאַכט, ווידער, האָט אויך געהאַט מער פאַרטרויען צו דער יידישער ווי צו דער ניט־יידישער באַפעלקערונג. דערפאַר האָט טאַקע א גרוי־

סער טייל פון די יידן, דאָס רוב פון די ארבעטער־קרייזן, ווי אויך בעלי־מלאכות און ארבעטנדיקע אינטעליגענץ, פארנומען דעם אויבן אָן אין ווירטשאַפטלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. אויף אַלע ארבעטספּלעצער, אין אַלע קאָאָפּעראַטיוון, אין אַלע קאָמונאַלע און עפנטלעכע אמטן און אינסטיטוציעס האָבן יידן פארנומען אָנגעזעענע ערטער.

ווער דען האָט זיך געקענט בעסער צופּאַסן צו די ניי געשאַפענע לעבנס־באַדינגונגען?

מיטן גרונטיקן איבעראַנדערשן די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע סטרוקטור זיינען יידן געבליבן אָן עקסיסטענצן און אָן ברויט. די איבערוועגנדיקע מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון סוחרים, קליינהענדלערס, בעלי־מלאכות, פרייע בארופן און סתם לייזיקגייערס, וואָס האָבן וועגיטירט אין דעם קליינשטעטלדיקן אויסזיכטסלאָזן גלות־לעבן. די צאָל פון די גבירים און „בורזשויען" איז געווען א ניט גרויסע. יעדער פון די דעקלאַסירטע יידן האָט זיך געריסן צו פּאָסטנס און סתם צו וועלכער נאָר ארבעט. ווייל „דער וואָס ארבעט ניט — דער עסט ניט" איז געווען דער פּראַל פאַר דעם נייעם סדר העולם. אויך די מענטשן פון די בירגערלעכע שיכטן, די געוועזענע הויזבאַזיצער און סוחרים, האָבן זיך באַמיט צו ארבעטן, כדי צו באַקומען א „ספּראַווקע", א הכשר אויף צו לעבן, ווייל יעדער האָט מורא געהאַט באַטראַכט צו ווערן פאַר א „ניע־ראַבאָטשי" (ניט־ארבעטנדיקער), וועמען עס האָט געדראָט פארשיקט צו ווערן, אָדער סתם אויסצושטיין צרות.

ניט וויכטיק, פאַר וועמען לשם שמים און פאַר וועמען ווי א דעקמאַנטל בלויז, — די פאַראָרעמטע און דעקלאַסירטע יידישע באַפעלקערונג האָט געשטרעבט צו ארבעט און פּראָדוקטיוויזאַציע. דער אומשיכט־פּראָצעס פון די ברייטע מאַסן האָט איבער נאַכט, קען מען זאָגן, אָנגענומען סטיכישע אַנטוויקלונג־פאָרמען. די דערשיינונג איז אָן ספק געווען דורכאויס פון פּאָזיטיוון ווערט פאַר דעם סאָציאַלן ווידעראויפבוי און ווידער נאָרמאַליזירונג פונעם יידישן לעבן.

די ניט־יידישע באַפעלקערונג, די אוקראַינער און פּאָליאַקן, וואָס זיינען געזעסן אויף איינענעם באָדן, אין זייערע איינגעריכטעטע לאַנדווירטשאַפטן, האָבן ניט געדאַרפט דורכמאַכן קיין באַזונדער דערשיטערנדיקן סאָציאַל־עקאָנאָמישן איבערברוך אין זייער שטייגער לעבן. זיי האָבן דערפאַר אויך ניט געהאַט נייטיק

צו זוכן נייע ארבעטספּלעצער און פּרנסה־קוועלן. קיין שום פֿויער האָט ניט אויפֿגע־הערט צו בלייבן פּויער. „אונדזערע זייגען געגאנגען, אונדזערע וועלן קומען" איז געווען דאָס באַקאַנטע, פילזאָגנדיקע פאָלקס־ווערטל צווישן די גוט־יידן. זייער גאַנצע טראַגעדיע איז געווען בלויז פון אידעאָלאָגישער, נאַציאָנאַלער און טעריטאָ־ריאַלער גאַטור. זיי האָבן זיך געלעבט בשלום ושלווה און געוואַרט אויף בעסערע צייטן, בעסערע קאָניונקטורן.

לגבי דער סאָוועטישער מאַכט זיינען זיי טאַקע געווען צו שוואַך און מאַכט־לאָז, לגבי יידן אָבער, ביים פאַרשפּרייטן אַנטיסעמיטישן גיפט און צוגרייטן דעם באָדן פאַר שחיטות, זיינען זיי געווען שטאַרק, גיבורים ממש. — און דער קינאה־שינאה־באַציל, דער אַנטיסעמיטיזם, ניט געקוקט אויף דער אייגענער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע, האָט צווישן די ניט־יידן געבליט און אויסגעוואַקסן אין אַ ריזיקן כוח, וואָס האָט פאַרטומלט דעם פאַרשטאַנד און די מוחות פון די מאַסן מיט זייערע אָנפירערס צוזאַמען. דערפאַר האָבן זיי קוים דערוואַרט די דייטשן. שוין גלייכער די דייטשן איידער די סאָוועטן, האָבן זיך פיל פּאָליאַקן געטראַכט. און די אוקראַי־נער האָבן דאָך אין הימלערן געזען דעם משיח און גרינדער פון אַ זעלבסטשטענ־דיקער אוקראַינע

## עס שארפן זיך די מעסערס...

שוין אין די ערשטע טעג פון דער מילחמה האט אין שטאָט געהערשט א ווילדע דענערווירטע שטימונג. מען האט געפילט בחוש, אז מען שטייט אָט פאר גרויסע געשעענישן. דער ראדיאָ ברענגט אלארמירנדיקע ידיעות. „הערעסגרופּע זיד" אונטער דער אָנפירונג פון פאָן רונדשטעט מארשירט אויף גאליציע און וואָלין. די סאָוועטישע מאכט האָט אפילו נעפּרוּווט אויפהאלטן דעם גייסט ביי דער ציוויל־באפעלקערונג, אָבער אליין זיינען זיי שוין געשטאנען גרייט צו אנט־לויפן. אין די ערשטע טעג פון יולי 1941 האָבן די סאָוועטן אָנגעהויבן פּלאנמעסיק צו פארלאָזן די שטאָט.

מיט זיי זיינען מיטגעפאָרן אן ערך 200 יידן, מיינסטנס ארבעטערס, בעלי־מלאכות און סתם מענטשן מיט א קלאָרן שכל און בליק. עס איז צו באטאָנען „מיט א קלאָרן בליק", ווייל ניט אלע יידן האָבן זיך אָפּגעגעבן א קלאָרן דין וחשבון, ווי גרויס עס איז די סכנה. פארקערט, ווי נאריש פאטאל דאָס זאָל ניט קלינגען, עס האָבן זיך נאָך געפונען מענטשן, דאָס רוב פון די בירגערלעכע קרייזן, וואָס האָבן געמיינט, אז מיט די דייטשן וועט אפשר מעגלעכער זיין צו לעבן ווי מיט די באָלשעוויקעס. וווהין אייננטלעך האָט מען צו לויפן—קיין רוסלאנד, אין רויטן גיהנום אריין? — אזוי האָבן אָט די יידן באנומען די לאגע. אן אנדערער טייל יידן, די מערהייט פון דער באפעלקערונג, האט זיך גלייכגילטיק נאאיוו גע־זאָגט: ווי לאָזט מען עפּעס איבער א היים און מען גייט אין גלות אריין? און יידן האָבן איבערגעלאזט זייער גורל אין די הענט פון גאָט — און פון דער צוקונפט.

דעם דריטן יולי האָט די סאָוועטישע אדמיניסטראציע, די פּאָליציי און באוואָפנטע אָפּטיילונגען פארלאָזן די שטאָט. געבליבן זיינען נאָר א פּאָר געציילטע סאָלדאטן, וואָס האָבן געהאט באזונדערע אויפגאבעס אויסצופירן. די שטאָט איז געבליבן הפקר. די אונטערוועלט־מענטשן און פארשיידענע פויערים פון ארום

האָבן אויף די פּוסטע גאַסן געזוכט א פּאַסיקן מאָמענט פאַר אוואַנטורעס און רויב־געלעגנהייטן. און עס האָט טאַקע לאַנג ניט געדויערט ווי עס האָט פּאַסירט א פאַל וואָס איז באמת געווען דער ערשטער סיגנאַל פאַר דער שרפה, דער אנ־הייב פאַר אומרוען און שפיכת־דמים נאָך איידער די דייטשע שטיוואַלעס האָבן באַטראָטן דאָס שטעטל. א פייער מיטן נאָמען הילקאַ קאַרי (אַנדערע זאָגן, אַז קרופּאַ האָט ער געהייסן) האָט צו די יידן געזאָגט: „וואַרטס, וואַרטס, איר זשי־דאַנעס, עס קומט באַלד היטלער און מיר וועלן אייך אויסקוילען ווי די עופות!" — א סאָוועטישער סאָלדאַט, וועלכער איז דערפון באַלד געוואָר געוואָרן, איז אויפ־געשפּרונגען פון אַזוינע רייד; ער האָט געפּאַקט ערגעץ דעם פּויער, אים ארויסגע־שלעפּט אין פעלד ארויס און אים דאָרט אוועקגעלייגט א טויטן. דער פּאָרפאַל האָט אויפגעהעצט נאָך מער די צעיושעטע פּויערים, און שוין באַלד האָט די קרי־ווער קאַלאָניע געהאַט אַן אויסרייד זיך בימער נוקם צו זיין אָן די פּאָר יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן געוווינט אין זייער שכנות, און זיי אויף א בעסטיאַלישן אופן אויסצומאַרדן. דער דערשאָסענער פּויער איז דערקלערט געוואָרן פאַר א היי־ליקן מאַרטירער, וואָס איז געפאַלן א קרבן פון „יידישע הענט".

די פּויערים אין שטאָט און אין די דערפער האָבן זיך געקאָכט. זיי האָבן אָנגעהויבן שאַרפן זייערע מעסערס צו דער קומענדיקער שחיטה. — פרייטיק, דעם 4טן יולי, אין האַלבער נאַכט האָט מען געהערט א כסדרדיקן פייקן פון מאַשין־געווער, אויך דעטאָנאַציעס פון אויפרייסנדיקע גראַנאַטן. 2 א זייגער ביינאַכט איז אָנגעקומען דער ערשטער דייטשער פּאַטרול אויף מאָטאָציקלען. ער האָט זיך אויסגעקוקט אין דער געגנט און דערנאָך געגרופן מיט הויכע קולות: „ברידער אוק־ראַינער, ערוואַכט! ברידער אוקראַינער, ערוואַכט!" מען האָט זיי ניט באַדאַרפט וועקן, ווייל זיי האָבן סיי ווי סיי געוואַכט און מיליטעריש צוגעהאָלפן דעם דייטשן מיליטער, און בפרט ביים אויסרויבן און אויסמאָרדן די אַנטלויפנדיקע יידן, וואָס זיינען אין די גאַסן געווען צעשפּרייט אויף די אַלע פעלדער.

שבת דעם 5טן יולי 1941, פינף א זייגער פאַרטאָג, זיינען ארייננגעקומען אין שטאָט די רעגולערע דייטשע חילות. צווישן דער אוקראַינישער באַפעלקערונג איז געווען גרויס די שימחה. זיי האָבן זיך אויסגעפּוצט אין יומטובדיקע קליידער, דעקאָרירט זיך מיט בלוי־געלע קאָקאַרדעס, אויך די הייזער באַצירט מיט נאַציאָ־נאַלע פאָנעס, אויך רויטע פאָנעס מיט האַקנקרייצן האָבן דאָ און דאָרט געפלאַ־

טערט. מיט בלומענקרענץ אין די הענט, מיט לידער אויף די ליפּן זיינען אוקראַי־
נער געגאַנגען מקבל־פּנים זיין זייערע דייטשע באַפרייערס. מען האָט זיך געקושט
און פאַר גרוים שׂימחה געטאַנצט אין די גאַסן.

שבת אין דער פרי זיינען זיך א טייל יידן בהרחבותדיק, מיט די טליתים־
זעקלעך אונטער די אָרעמס, געגאַנגען דאַווענען, גלייך גאָרניט וואָלט געשען. אַן
אַנדער טייל — אמת, א גאָר קליינער — איז געגאַנגען באַוואונדערן די דייטשע
טעכניק. היינט קלינגט עס זיכער ווי א קוריאָז, — מאַנכע יידן זיינען געווען
איבערצייגט, אַז אזא קולטור־פאָלק, ווי די דייטשן, וועלן קיינעם ניט טשעפּען.
נאָכמער: איצט איז שוין אפילו זיכערער מיטן לעבן, פריער האָט געדראָט א געפאַר
מצד די צעווילדעוועטע גויים, אָבער איצט איז דאָך שוין דאָ א ממשלה. — דאָס
דייטשע מיליטער האָט אין אָנהייב ניט געטשעפּעט. פאַרקערט, גערעדט אפילו
מיט יידן פריינדלעך און דערציילט זיי די גרויסע ניסים און זייערע העלדנטאַטן
איבער די רויטע. — די זעלבע יידן האָבן נאָך דעם איינגעטעגהט מיט די אַנ־
דערע: „נאראָנים, פאַרוואָס באַהאַלט איר אייך, זיי טוען דען עמעצן
שלעכטס?"...

די בירגערלעכע יידן, — למען האמת, ניט אלע — האָבן זיך נאַאיוו איינ־
גערעדט, אַז ווען אפילו אין ערגסטן פאַל — איז ניט זיי מיינט מען עס, נאָר די
אַכטע קאָמפּאַניע („אַכטע קאָמפּאַניע" — דאָס איז דער אָרעמער עולם, די אָר־
בעטער און בעלי־מלאכות. די באַצייכענונג זאָל שטאַמען דערפון, וואָס אָט דער
עולם פלעגט מיינסטנס אויסקויפן פּאַטענטן פון אַכטער קאַטעגאָריע). אלזאָ, די
סאָציאַליסטן אָדער באָלשעוויקעס, זיי מעגן עס מורא האָבן. ניט אָבער דער ביר־
גערלעכער עלעמענט. די דייטשן ווייסן דאָך אליין, אַז אויך די זיינען די קרבנות פון
רויטן רעזשים. פאַרקערט, זיי וועלן מן הסתם אָפּגעבן דאָס פעלד, די קאָנפיסקירטע
פאַרמעגנס, די נאַציאָנאַליזירטע הייזער... אזוי האָבן מאַנכע קראַנקע מוחות
געפילאָזאָפירט. זיי האָבן זיך אָבער באַלד איבערצייגט, אַז ניט מער ווי א נאַרי־
שער אָפּטימיזם פאַרקריפּלט זיי דאָ דעם געדאַנק.

ארום 10 א זייגער אין דער פרי זיינען עטלעכע באַטאַליאָנען געבליבן
שטיין אין שטעטל. דאָס רעשט מיליטער איז ווייטער געגאַנגען זייער „זיגרייכן
מאַרש" צו מיזרח. דער אָבערבאַפעלסהאַבער פון דער ס"ס־בריגאַדע האָט געגעבן
א באַפעל צו זיינע סאָלדאַטן, אַז ער דערלויבט זיי אביסל זיך „משמח" צו זיין

מיט די יידן, „10 מינוטן שלאַכטען יודען!“ — האָבן זיך די סאָלדאַטן איינער דעם אנדערן איבערגעגעבן דעם געוויעם וואָרטקלאַנג פונעם באַפעל. די סאָלדאַטן זיינען האַסטיק אַראָפּגעשפּרונגען פון די אויטאָס, טאַנקעס און פּאַנצער־וואָגנס און מיט איטפּעט זיך אַ לאָז געטאָן אין סאַמע צענטער פון שטאָט. פּאַרשוויצטע, פאַרשטויבטע פונעם וויטן וועג, אין די בלויזע העמדער מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל און צעיושעטע ווי די וועלף זיינען זיי אַרומגעלאָפן מיט די פּיסטאָלעטן אין די הענט און געשאָסן. צו ערשט זיינען זיי באַפאַלן די יידן וואָס זיינען זיי אונטערגעקומען אויפן וועג. דער ערשטער קרבן איז געווען אפרים דינער, וועמען זיי האָבן אָפּגעשניטן די באָרד צוזאַמען מיט אַ שטיק פלייש. די געשאָסענע קויל צו אים האָט על פּי נס אויסגעמיטן. די מערדערס האָבן זיך געאיילט, און דער קרבן איז געבליבן ליגן אַ פאַרהלשטער אויף דער ערד. קליינע שקצימלעך, אויך עלטערע פּויערים, זיינען נאָכגעלאָפן די סאָלדאַטן און אָנגעוויזן: „יודע! יודע!“... אין שטאָט איז געוואָרן אַ בהלה, אַ פּאַניק. די דייטשן האָבן זיך געלאָזן נאָך די אַנטלויפנדיקע און זיי נאָכגעשאָסן. נאָך מרדכי אַרנשטיינען (דער מילכיקער) מיט זיין ווייב זיינען זיי נאָכגעלאָפן ביז אונטערן טייך און זיי אַריינגעטריבן אין וואַסער אַריין, דער נאָך צו זיי געשאָסן, און ביידע קערפּערס האָבן זיך באַלד אונטערגעטונקען, איבערלאָזנדיק אויפן וואַסער־איבערפלעך רויטע פלעקן. שפּעטער זיינען די דייטשן, געפירט פון די אוקראַינער שקצים, אַרומגעלאָפן איבער די שטיבער און געשאָסן אויף יעדן אָנגעוויזענעם יידן. אנדערע סאָלדאַטן האָבן דורכגעפירט אין די הייזער רעוויזיעס, כלומרשט געזוכט געווער און באַהאַלטענע באַלשעוויקעס, דערביי אָבער גערויבט, געשענדעט און דעמאָלירט די וווינונגען. 10 מינוט האָט געגווג נעקלעקט אויף איבערצוקערן דאָס שטעטל מיטן קאָפּ אַראָפּ. צו אויסהרגענען 20 יידן און צו פאַרוווּנדן לייכט און שווער אַ פּאָר צענדליק אנדערע. יעדער ייד האָט זיך געזוכט צו באַהאַלטן ווו נאָר מעגלעך. די שטיבער זיינען געבליבן הפקר, און די אוקראַינישע פּויערים פון די דערפער, אויך פּוילישע אונטערוועלט־מענטשן פון דער שטאָט, האָבן נאָך שעהן גאַנצע געבושעוועט, גערויבט וואָס עס האָט זיך נאָך געלאָזט און געשלאָגן מכות־רצח יעדן יידן וואָס זיי האָבן נאָך געטראָפן אין די שטיבער.

דאָס איז אָבער געווען נאָר דער פּראָלאָג צו דער גרויזאַמער שחיטה, וואָס איז פאָרגעקומען אויף מאָרגן, און שוין אינגאַנצן אונטער דער אָנפירונג פון דער אויפגעקומענער אוקראַינישער אָרטיקער אדמיניסטראַציע.

## די היסטאָרישע זיצונג

דאָס אוקראַינישע דאָרף און יידישע שטעטל זיינען דורך דורות געווען אין שטענדיקן פריינדלעכן קאָנטאַקט אויף דעם באָדן פון מיזרח־גאַליציע. קיין טערי־טאָריאַלע פּרעטענזיעס האָבן דאָ די יידן קיינמאָל ניט געהאַט. אונטער דער פּויליש־שער הערשאַפט האָבן די אוקראַינער געליטן אַלס מינדערהייט, כמעט גלייך ווי די יידן, און דאָס האָט ווידער צוזאַמענגעפירט די ביידע פעלקער צו אַ געמיינזאַמען קאַמף פאַר זייערע מיעוטים־רעכט און פאַרן אויפהאַלטן זייער נאַציאָנאַלן קיום. ניט איין מאָל זיינען די פאָלקס־פירערס פון די אוקראַינער אַרויסגעטראָטן מיט סימפּאַטיע־דערקלערונגען אויפן אַדרעס פון די יידן. אויך ביי די וואַלן צום פּוי־לישן סיים פלעגן די יידן און די אוקראַינער גיין געמיינזאַם און אין אַנדערע ערטער האָט די אוקראַינישע פּרעסע גערופן דאָס אוקראַינישע פאָלק צו שטימען פאַר די יידישע וואַל־ליסטעס. —

מאָ ווער האָט זיך גערעכנט פאַרשטעלן, אַז אָט די זעלבע אוקראַינער זאָלן אויף אַזאַ אַכזריותדיקן אופן האַנדלען קעגן די יידן, זייערע שכנים דורך יאָרהונ־דערטער? און אָנגעפירט האָבן מיט אָט דער נידערטרעכטיקער אַרבעט ניט סתם איינצלנע פינצטערע פאַרשוינען פון די אוקראַינער, אָדער זייערע פאַשיסטישע טעראָר־גרופּעס. צו אָט דער הימלשרייענדיקער אַרבעט האָט זיך דאָ גענומען ניט קיין אַנדערע ווי די „אונדאָ", די אָנפירנדיקע אָרגאַניזאַציע פונעם אוקראַינישן פאָלק אין מיזרח־גאַליציע און זיין לאַנגיאָריקע אָפיציעלע פאַרשטייערשאַפט. די „אונדאָ" האָט אָרגאַניזירט די ערשטע פּאָגראָמען אין כמעט אַלע שטעט און שטעטלעך פון גאַליציע און דערמיט איז אַריינגעצויגן געוואָרן דער גאַנצער אוק־ראַינער כלל אין דער גרויסן בלוטיקן שפּיל. אַ חוץ אַ קליין בינטל פונעם עלטערן דור, וואָס האָבן מיט עקל געקוקט אויף די ווילדע מעשים פון זייערע זין, טראָגט היינט אויף זיך די גאַנצע אוקראַינישע באַפעלקערונג די מיט־אחריות פאַרן אונ־טערגאַנג פונעם גאַליצישן יידנטום. לעבעדיקע פאַקטן און דאָקומענטן און גבית־



2

עדותן וועלן דערציילן און פעסטשטעלן, אז זיי זיינען עס געווען די תּליונים פוּן זייערע הונדערטיעריקע שכנים. דאָס כראָנאָלאָגישע איבערגעבן די פּרטים פון דעם איין שטעטל סקאלאט ווארפט אויך א ליכט אויף די פארהעלטעניש אין די אנ־דערע שטעטלעך. אומעטום איז דאָ די אוקראַינישע באפעלקערונג געווען דער אויס־פירער פונעם מאסנמאָרד, אומעטום האָט דאָ געארבעט די זעלבע פארברעכערישע האנט.

נאָך פריימיק צו נאכטס (אנדערע זאָגן, אז שבת צו נאכטס) האָבן די אוקראַינער אין שטעטל אָפּגעהאלטן א געהיימע זיצונג, כדי צו באטראכטן די ניי געשאפענע לאגע בשייכות מיט דעם זיגרייכן מארש פון היטלערן. צו דער זיצונג זיינען געקומען די פּני פון דער אוקראַינישער באפעלקערונג. אלע שיכטן זיינען געווען פארטראָטן, פונעם גלח ביז צום פויער. די פייערלעכע זיצונג האָט מען דער־עפנט מיטן אויפזינגען דעם נאציאָנאלן הימן „שטשע נע אומערלא אוקראינא“, און באלד איז מען צוגעטראָטן אין געהויבענער שטימונג צו באהאנדלען די פראגן מע־נינא דיומא, ווי דאָס אָרגאניזירן אן אוקראַינישע מיליץ, דאָס באשטימען פערזאָ־נען, וואָס באדארפן באזעצן די עפנטלעכע אמטן און אינסטיטוציעס. איבער דער ארבעט אויף להבאָ האָבן זיך נעלאָזט הערן פארשיידענע מיינונגען. א וויכטיקע פראגע איז געווען מכוח דער שטעלונג פון די אוקראַינער צו דער פוילישער בא־פעלקערונג. די וויכטיקסטע פּראָבלעם אויף דער פארזאמלונג איז אָבער געווען: וואָס טוט מען מיט די יידן? איינער נאָכן אנדערן האָבן די פארזאמלטע גענומען דאָס וואָרט, מען האָט רעציטירט גאנצע בלעטלעך פון „מיין קאמף“ און פון אלפרעד ראָזענבערגן. געקומען איז מען צום אויספיר, אז מען מוז די דייטשן אויף אלע געּ־ביטן אונטערשטיצן מיט ראט און טאט, ווייל נאָר זיי זיינען די אמתע באפרייערס. „מיר מוזן געווינען ביי זיי פארטרויען — האָט איינער פון זיי געזאָגט. — די יידן זיינען דאָס אומגליק פון דער וועלט; געוועכט איז היטלער, אויך פאר אונדז זיינען זיי א ביין אין האלדז. — טאָ זאָל א סוף צו זיי נעמען!..“

נאָך אן אָפּשטימונג האָט זיך די מערהייט שטימען ארויסגעזאָגט פאר א יידן־פּאָגראָם. די פארזאמלונג האָט אָבער פארשטאנען, אז אויף דעם מוז מען באקומען דעם היתר פון די דייטשן. עס איז טאקע באלד אויף אן אָרט אויסגע־ווילט געוואָרן א דעלעגאציע פון דריי מאן, זיי זאָלן ניין צו דער מיליטער־מאכט און באקומען די הסכמה אויף איינאָרדענען א שחיטה אויף יידן, וואָס זאָל דויערן

ביז 24 שעה. דורך א מעת־לעת צייט, גלייבן זיי, וועט מען דאָ קענען פּטור ווערן פון דעם יידישן געזינדל.

איינער פון די ראשי המדברים אויף דער פאַרזאַמלונג איז געווען דער גריכיש־קאַטוילישער גלח קאַנאָניק אָנופּערקאָ. ער איז געווען אין שטאָט א גוט באַקאַנטע פּערזענלעכקייט. מיט יידן איז ער שטענדיק געשטאַנען אין געשעפטס־פאַרבינדונגען און פלעגט זיך רימען, אז ער איז כל ימיו אן אוהב ישראל. יידיש האָט ער גערעדט ווי א וואַסער. אויף זיין אדרעס פלעגן די יידן מאַכן א שפּאַס און זאָגן: „א הון וואָס קרייעט און א גלח וואָס רעדט יידיש — דאַרף מען ביידן שיקן צום שוחט"... האָט טאַקע דאָס פאָלקס־ווערטל דאָ געפּאַסט ביז גאָר. אחוץ דעם גלח מיט זיין ווייב זיינען אויף דער זיצונג צווישן אנדערע בייגעווען אויך דער ריכטער פּאָליטילע, קאָוואַל מאַרושטשאַק, ביליק, יאַראָמישין, כרושטש, ווילטשינסקי — אלץ גוט באַקאַנטע פּערזאָנען אין סקאַלאַט און אומגעגנט.

דעם אנדערן טאָג איז די אוקראַינישע דעלעגאַציע בראש מיטן קאַנאָניק אָנופּערקאָ געגאַנגען צום דייטשן גענעראַלשטאַב מיט אן אונטערגעשריבענער פּעטיציע אין די הענט, כדי אויסצופּועלן א דערלויבעניש אויף מאַכן א פּאָגראָם אויף יידן. אויפגענומען האָט זיי אן אלטער גענעראַל. ער האָט טיף פאַרקנייטשט דעם שטערן און זיך געחידושט אויף דער פאָדערונג. ער האָט געהאַט דערביי אנדערע חשבונות, ער האָט טאַקע אויך געהאַלטן, אז די יידן דאַרף מען פאַרניכטן, — אָבער פּלאַנמעסיק; פריער קען מען־דאָך פון זיי ארויסבאַקומען דעם דם התמצית, זייער פיזישע ארבעטקראַפט לטובת דער מילחמה־מאַשין. דער גענעראַל האָט מאַכן א פּאָגראָם דערלויבט, אָבער בלויז אויף 8 שעה. דערביי האָט ער אויך מיט א טאָן פון באַרמהאַרציקייט באַמערקט, אז קינדער און פרויען דאַרפן געשוינט ווערן. די דעלעגאַציע האָט האַרציק געדאַנקט, זיך טיף פאַרבויגט און אוועקגעגאַנגען.

באַלד האָבן די אוקראַינער צונויפגערופן א ברייטע זיצונג פון אלע זייערע כלל טוערס, אויך מיטן אָנטייל פון זייער אָרגאַניזירטער מיליץ. מען האָט באַשלאָסן צו מאַכן די געהעריקע הכנות צום פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן.

די דייטשע מיליטער־באַהערדן פון זייער זייט האָבן אויך באַלד איבערגעשיקט קיין בערלין א באַריכט מיט די בייגעלייגטע דאָקומענטן וועגן דעם „געריכטן" פאָלקס־צאָרן אויף די יידן. די פּעטיציע, און נאָך צענדליקער און הונדערטער ענלעכע פּעטיציעס פון די אוקראַינער אין די שטעט און שטעטלעך, זיינען

נאָך דעם דורך דעם דייטשן פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטעריום פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער פּרעסע; זאָל מאַכן א וועלט זען, אז, ניט די דייטשן מאָרדן אויס די יידן, נאָר די היימישע באַפעלקערונג פאַרלאַנגט בפירוש צו מאַכן אליין פּאָגראָמען אויף יידן.

## דער פּאָגראָם

זונטיק דעם 6טן יולי 1941 (יא תמוז תש"א) א זיינער 11 פארמיטאָג האָבן זיך ארויסגעלאזט די ארגאניזירטע באנדעס איבער דער שטאָט. אוקראינישע מיליץ מיט ביקסן און די ציווילע מיט שטעקנס אין די הענט זיינען ארומגעגאנגען פון שטוב צו שטוב און גערופן יידישע מאנסלייט און יונגטלעכע צו דער ארבעט. ווילדע געשרייען, קללות, דאָס אָפּהילכן פון פּעטש, געוויינען פון קינדער און פרויען האָט ארויסגעליארעמט פון יעדער יידישער שטוב. דייטשע סאָלדאטן זיינען געשטאנען איבער די גאסן און זיך צוגעקוקט, קלייבנדיק נחת פון דעם גאנצן ספּעקטאקל.

די יידן האָט מען געצוואונגען אויסצופירן די אומגעלומפּערטסטע ארבעטן, וואָס נאָר דער מייוול אליין קען עס אויסקלערן: איין גרופּע האָט מען באפוילן צו אויסרייסן יונגע ביימלעך מיט די הענט. און אזוי ווי דאָס איז אוממעגלעך געווען, האָט מען די מענטשן געשלאָגן ביז צום טויט. אנדערע האָט מען געהייסן קריכן אויף אלע פיר און מיטן מויל קלייבן שטיינער, דערנאָך, קריכנדיק ווייטער, זיי אריינווארפן אין טעפּ. אנדערע ווידער האָבן מיט זייערע בלויזע הענט געדארפט רייניקן קלאָזעטן, מיט די היטלען קערן די גאס און נאָך אנדערע משונהדיקע ארבעטן, ביי וועלכע צענדליקער יידן האָבן ביי די שרעקלעכסטע עינויים באצאָלט מיטן לעבן. אנדערע יידן זיינען צוגעטיילט געוואָרן צום מיליטער, וו זיי האָבן געארבעט עבודת פרך, באקומענדיק דערביי געשלאָגן מיט די ביקסן=קאָלבעם איבער די קעפּ. דעם יידן חיים שרענצל האָבן זיי א שוין צעממיתטן אנידערגעוואָרפן אויף דער ערד און דאן אים איבערגעפאָרן מיט אן אויטאָ, וואָס האָט אים איינגעבראָכן הענט און פיס. ווען דער אומגליקלעכער האָט זיך געמאטערט מיטן טויט, האָט אים א סאָלדאט אויס רחמנות דערלאנגט א קויל אין הארץ אריין.

מוראדיקע גרוילטאטן האָבן זיך אָפּגעטאָן אויפן מארק=פּלאץ ביים ברונעם. דאָרט האָבן די אוקראינער אנידערגעלייגט אייגעם א יידן אונטער דעם פּיסק

פונעם ברונעם און אזוי לאנג נעפּאָמפּעט דאָס וואסער אים אין מויל אריין ביז דער מענטש האָט אויסגעהויכט זיין נשמה. לייב יאווערן, א פּראכטפולער יידישער טיפּ, פון שיינעם וווקס און הדרת פנים און מיט א זילבער־גראָער באָרד — האָבן די רוצחים מיט אייזערנע דראָנגען צו ערשט אויסגעבראָכן די פיס, דערנאָך אים גע־ליינט אונטער דער פּלומפּ, „אויף א קאלטן טוש" — ווי די מערדערס האָבן זיך דערביי געוויצלט. דער קרבן האָט זיך ביי זיי געבעטן, ווייזנדיק מיט דער האנט אויפן הארץ, ווייל ריידן האָט ער שוין ניט געקענט, מען זאָל אים שיסן און פארקלע־נערן אים די יסורים. די צעווילדעוועטע צוקוקערס, וואָס האָבן נעקליבן נחת און געלאכט, האָבן נאָך מער אונטערגעהעצט די רוצחים: „ניין, ניין, זאָל ער נאָך לעבן!.." א המון פויערים איז דערנאָך באפאלן דעם קרבן און האָבן געריסן פון זיין פּאטריארכאלישער בארד צו איינציקע האָר. דעם כמעט שוין טויטן קערפּער האָבן זיי ווידעראמאָל געגומען אונטערן וואסערשטוריץ, אים ברייט אויפגעמאכט דאָס מויל און אזוי לאנג אריינגעפּאָמפּעט, ביז עס האט אים געפּלאצט דער בויך.

דעם רב ר' בנימין וואָלאָוויטש האָט מען צוגעבונדן צו אן עק פון א פערד, און דייטשן, אוקראאינער און סתם פויערים, שטייענדיק אויף די טראָטואַרן, האָבן אונטערגעבייטשט דעם פערד צום גאלאָפּ. דער רב איז פריער נאָכגעלאָפן און שפּעטער זיך נאָכגעשלעפּט א צעבלוטיקטער און צעפּייניקטער, ביז ער האָט, לעבן די טורעמס, אויסגעהויכט זיין נשמה. אהין האָט מען אים אריינגעטראָגן און צו־געוואָרפן צום הויפן פארפּייניקטע, וואָס זיינען שוין דאָ געלעגן טויטע. אן ענ־לעכער פאל איז פּאָרגעקומען מיט א געוויסן פרידמאן, וועלכן מען האָט צוגע־בונדן צו א פאָרנדיקן אויטאָ און אים אזוי לאנג ארומגעשלעפּט איבער די גאסן, ביז זיין קערפּער איז געבליבן א ניט־דערקענבארע פליייש־מאַסע, שווארץ־רויט פון שטויב און בלוט. דעם ד"ר פריד האָט מען פארשלעפּט צום עפנטלעכן קלאָזעט לעבן דער באָד. דאָרט האָט מען אים געהייסן אריינשפּרינגען אין דעם שמוץ־גרוב און דערנאָך אים נאָכגעשיקט א קויל. א סך יידן האָבן די אוקראאינער אויפן אָרט געשאָסן, דערנאָך אראָפּגעצויגן פון זיי די שיך און געגישטערט אין די קעשענעס. אין אלע יידישע געסלעך, אין אלע הייזער האָבן דערווייל ארומגעבושעוועט די דאָרפס־פויערים און גערויבט אויף אייגענער האנט.

צווישן די פיר טורעמס (באשטעס), אין סאמע צענטער שטאט, איז גע־ווען דער הויפּט־זאמלפּלאץ פאר די קרבנות. אין דעם אָרט איז עס פּאָרגעקומען

די גרויסע בלוטבאָד. אהער האָבן די אוקראַינישע פּאָליציאַנטן געפירט די יידן גרופּעסווייז, צו 30—40, געהייסן זיי אראָפּשפּרינגען אויף ארונטער פון איינער פון די באַשטעס, און פון אויבן האָבן זיי געזיוט סעריעס קוילן פון די אויטאָמאַטן. אונטער ווייגעשרייען און שמע ישראל־אויסרופן האָבן זיך די אומגליקלעכע גע־ראנגלט מיטן טויט. די גאַנצע צייט פון דער בלוטיקער ארבעט זיינען געשטאַנען דייטשן מיט פאָטאָ־אַפּאַראַטן און געמאַכט אויפנאַמעס. (די אַלע פאָטאָגראַפיעס מיט די געהעריקע ראַנד־באַמערקונגען, זיינען שפּעטער אוועק קיין בערלין, כדי צו באַשטעטיקן, אז די אוקראַינער מאָרדן עם די יידן, אָבער ניט די דייטשן). —

דאָרט צווישן די טורעמס האָבן איבער 300 מענטשן פאַרלוירן זייערע לעבנס, צווישן זיי 30 יונגטלעכע און קינדער. אויפן בית־עולם זיינען פאָרגעקומען ענלעכע רציחות. גרופּעס פריש געכאַפּטע יידן, וואָס האָבן אויפן באַפעל פון די אוקראַינער געפירט די טויטע באַגראָבן, זיינען, נאָכן אָפּטאָן זייער ארבעט, אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. מען האָט דערציילט, אז שיע בינשטאָק, נאָטע קצבס זון, האָט צווישן אנדערע הרוגים אליין באַגראָבן אויך זיין אייגענעם פאָטער, און בשעת ער האָט געזאָגט קדיש, האָבן אים די תליונים אנידערגעשאָסן און ער איז געפאַלן א טויטער אויפן פרישן קבר. אויפן בית־עולם אליין האָט מען אויסגע־שאָכטן אן ערך 150 מענטשן. ביז 3 א זייגער נאָכמיטאג האָט די צאָל קרבנות דערגרייכט ביז 500. און ווער ווייס וויפל נאָך קרבנות עס וואָלט געווען, ווען ניט דער לופט־אָנגריף פון סאָוועטישע עראָפּלאַנען מיט זייערע באָמבעס, וואָס האָט צעיאָגט די תליונים איבער די פעלדער. דאָרפס־פויערים האָבן זיך גראָד אין דער צייט געגרייט מיט אן אָנפאַל אויף דער שול. דאָס באָמבאַרדירן אָבער און די פּאָר קרבנות פון זיי האָט געמאַכט אן איבעררייס אין דער שחיטה. א פּאָר שעה איז געווען רואיק. דערנאָך האָט דער המון ווידער פונאַנדערגענומען די הענט. —

ניט געקוקט וואָס די 8 שעה האָבן זיך געענדיקט, איז די שחיטה, אמת אין א קלענערן פאָרמאַט, אָנגעגאַנגען נאָך גאַנצע 2 טעג, און נייע צענדליקער יידן זיינען געפאַלן פון אוקראַינישע הענט. אויך מיטוואָך אין דער פרי האָבן נאָך די אוקראַינישע מיליציאַנטן ארויסגעשלעפּט די דריי ברידער לאַסטמאַן און לאָטע גראָס, און די אַלע פיר געשאָסן אונטערן אויסרייד, אז זיי זיינען באָלשעוויקעס. —

די אוקראַינער האָבן באַפוילן די יידן, אז זיי זאָלן ארויס פון די באַהעלטע־נישן, כדי אָפּצופירן צום בית עולם די הרוגים, וואָס זיינען נאָך אין גרעסטן טייל

נעלענן ניט באגראָבענע אויף דעם שעכט־פּלאַץ פון די באשטעס. א גאנצן טאָג האָבן די שטעטלשע יידן מיט פערד און וועגעלער געפירט די מתים, איבערגע־דעקטע מיט רויט־פאַרפלעקטע לייַלעכער און טליתים. פארשטייפטע הענט און פיס און פארבלוטיקטע קעפּ זיינען ארונטערגעהאָנגען פון די וועגעלער און זיך גע־וואקלט מיטן ריטעם פון די רעדער. און אויף דער גאנצער לענג פונעם וועג, וואָס פירט צום בית־עולם, האָט נאָכגעטריפט מענטשן־בלוט, וואָס האָט אָנגעשריבן אין לאנגע רויטע שורות די טרויעריקע געשיכטע פון די פארלוירענע לעבנס. דאָס איז געווען די שטומע שפּראך פונעם אומשולדיק פארגאָסענעם בלוט, וואָס די פאר־שאָלטענע ערד האָט אזוי דורשטיק אין זיך אריינגעזאפּט, גלייך זי וואָלט טאקע אָן דעם יידיש בלוט ניט געקענט געדייען.

אין שטאָט האָט געהערשט א טיפער טרויער. יידן זיינען געזעסן שבעה. דער צווייטער רב, וואָס איז געבליבן ביים לעבן, האָט געלאָזט אויסרופן א תענית־ציבור און געהייסן זיך ארויפטון זעקלעך אש אויפן קאָפּ, אלס צייכן פון טרויער נאָך די קדושים ומהורים.

פון די יידן איז אוועק א דעלעגאציע צום דייטשן באפעלסהאבער, און יענער האָט פארשפּראָכן רו. די מיליטער־מאכט האָט ארויסגעלאָזט אן אויפרוף צו דער באפעלקערונג, מען זאָל אָפּגעבן די גערויבטע זאכן. קיינער, פארשטייט זיך, האָט ניט אָפּגעבראכט קיין גערויבטע זאכן, און די אוועקגענומענע 560 לעבנס בעתן פּאָגראָם, איז געווים געווען אוממעגלעך צוריקצוגעבן. —

דערווייל האָבן אָנגעהויבן צו אָנקומען טרויעריקע ידיעות אויך פון דער סביבה. אין שכנותדיקן שטעטל גזשימאלאָוו האָבן די אוקראַינער אויך אויסגע־פועלט א פּאָגראָם אויף יידן. דאָרט האָט מען אריינגעטריבן אין טייך אריין ביי 500 קינדער, פרויען און מענער און מיט א מאשין־געווער זיי אלעמען אומגע־בראכט. מען האָט דערציילט, אז דער טייך איז א צייט לאנג געבליבן רויט פונעם יידישן בלוט. אין דאָרף כמעליסק האָבן די אוקראַינישע פּויערים לעבעדיקערהייט באגראָבן 30 פון זייערע לאנגיעריקע שכנים. אין דאָרף טוראָווקא האָט מען דעם דאָרטיקן יידישן דאָקטאָר צעבראָכן די פיס, דערנאָך אים ארויפגענומען אויף די ציין פון ווידלעס. אין טלוסטע, א קליין שטעטל לעבן סקאלאַט, האָבן די אוקראַי־נער אויסגעקוילעט אלע יידן ביז איינעם.

אזוי האָט אויסגעזען די אוקראַינישע „באַרטאַלאָמיי־נאַכט“ איבער יידן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. קיינמאָל וועט זיך ניט פאַרגעסן, ווער עס איז ביי אונדז געווען דער שותף און די רעכטע האַנט פון די דייטשן. זכור את עמלק!

די גרויסע טראַגעדיע פון סקאַלאַט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן.

# דער יודענראט און זיינע אינסטיטוציעס

דאָס שטעטל איז נאָך געווען אונטערן דערשיטערנדיקן איינדרוק פונעם פּאָגראָם. נאָך אַזוינע שרעקלעכע געשעענישן האָבן די יידן זיך שוין ניט געקענט באַרויקן. די אוקראַינער זיינען געוואָרן די בעלי־בתים פון שטאָט און מיט זייער אַכזריותדיקער האַלטונג האָבן זיי אָנגעוואָרפן שרעק אויף די יידן. יעדן טאָג האָבן זיי געשלעפּט הונדערטער יידן צו די שווערסטע אַרבעטן, שלאָגנדיק זיי דערביי און באַליידיקנדיק.

די אוקראַינער האָבן נאַאיוו געגלייבט, אַז איצט קומט שוין באמת זייער צייט־פּליין און גרויס האָבן זיך געריסן צו דער מיליץ און צו די אַנדערע אַמטן פון דער צוקונפטיקער אוקראַינע אונטער די פליגלען פון „היטלער דעם באַפרייער“. שוין אַרבעטנדיק אויף די פּאָסטנס האָבן זיי זיך איינער דעם אַנדערן געוואָלט איבערשטייגן אין פּאַטריאָטיזם, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין שנאת ישראל — אין שלאָגן און טרעטן מיט די פיס די יידן, זייערע שכנים און אַמאָליקע גוטע פריינד. דערמיט האָבן זיי זיך געפּלייסט צו איינקויפן זיך מער יחוס ביי זייערע „באַפרייערס“, די דייטשן.

פון די אוקראַינישע כלל־טוער איז אַ געוויסער ניקאָלאַי ביליק באַשטימט געוואָרן אַלס רעפערענט צו רעגירן איבער די יידן. שוין אין דער צווייטער וואָך נאָכן פּאָגראָם האָט ער באַאויפטראַגט דעם געוועזענעם בהמות־סוחר לייבוש דרעגען (צו וועלכן ער האָט געהאַט אַ באַזונדערן סענטימענט צוליב זייערע געמיינזאַמע מיסחרים פון אַמאָל), צו שאַפן אַ פּראָוויזאָרישן קאָמיטעט. דער צייטווייליקער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון 12 מיטגלידער. דער אויבנדערמאָנטער ניקאָלאַי ביליק פלעגט יעדן טאָג קומען צום פרעזעס לייבוש דרעגען און פאַרלאַנגען פון אים די געהעריקע צאָל יידן צו דער אַרבעט. צו דעם צוועק פלעגט שוין יעדן אינדער־פרי אויפן מאַרק־פּלאַץ זיין פאַרזאַמלט די נייטיקע גרופּעס אַרבעטער, וואָס האָבן געוואַרט אויף זייער צוטיילונג. יידישע פרויען און מענער האָבן געקערט די גאַסן, גערייניקט די קלאָזעטן און געוואַשן די פּאָדלאָגעס אין פאַרשיידענע אַמטן. אַ טייל

האָט אויך געאַרבעט אין די פּאָלוואַרקן און אין דערפער ביי לאַנדווירטשאַפטלע־
כער אַרבעט. אין מאַרק האָט מען אויסגעטיילט א ספּעציעל געוועלב, ווו יידן האָבן
באַקומען זייערע פּראָדוקטן.

פיר וואָכן נאָכן פּאָגראָם איז פון דער טאַרנאָפּאָלער ס״ד אָנגעקומען א
באַפעל צו שאַפן א יודענראַט, וואָס דאַרף זיין דער פאַרבינדונגס־אָרגאַן צווישן די
יידן און דער מאַכט. די אוקראַאינער האָבן זיך געווענדט צו יעקב פּערלמוטער, ער
זאָל איבערנעמען די מיסיע צו שאַפן אין סקאַלאַט דעם יודענראַט. פּערלמוטער
האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט. אויך קיין אַנדערער פון דער באַרופלעכע אינטעלי־
גענץ האָט ניט געוואָלט אָננעמען דעם כבוד. נאָך א פּאָר טעג אַרומוואַרפן זיך
איז מאיר נירלער (אַן איידעם פון ישראל עלפענביין) געשטעלט געוואָרן בראש
פון יודענראַט. די איבעריקע מיטגלידער פון יודענראַט זיינען געווען: יהושע
צימער (פאַרבינדונגס־מאַן מיט דער מאַכט און אָפּראָוויזאַציע), יוסף לויפער
(שטייער־אַמט), ד״ר קראָן, אליעזר שיינבערג, אַפּטייקער אשכנזי, ד״ר בערקאָ־
וויטש (קאַסיר), מאַטיע פרנס, יעקב שאַרף און לייבוש דעגען. צו דער אַרבעט זיי־
נען צוגעצויגן געוואָרן נאָך מענטשן פונעם שטעטל אויף אַנצופירן מיט די פאַרשיי־
דענע אַמטן. אין דעם מעטריקאַל־אַמט האָבן געאַרבעט עמיל אָרנשטיין און מענדיק
ניימאַן; אין וואוינונגס־אַמט—לעאָן ברוסט; סאָציאַלע הילף—פרוי ד״ר פריד, מג״ר
ראָזא פיקהאָלץ און פראַנצאָז; מעדיצינישע הילף — ד״ר נוסמאַן, פרוי ד״ר האַל־
פּערן־בערקאָוויטש און ד״ר פּעע; מיט דעם יידישן געריכט האָבן אָנגעפירט ד״ר בער־
קאָוויטש און נחום סאַפיר; שפּעטער האָט זיך אויך געשאַפן א יידישע פּאָסט אונ־
טער דער אָנפירונג פון משה גאָטליב. די אָנפירונג מיט דער יידישער מיליץ, אָדער
די אזוי גערופענע אָרדענונגס־דינסט, האָט איבערגענומען ד״ר בריף. לכתחילה
האָט זיך געקענט דאַכטן, אז עס וועט מעגלעך זיין צו לעבן; מען דערמעגלעכט
דאָך די יידן זיך אליין אָרדענען זייערע ענינים. „מיר האָבן א קליינע יידישע רע־
פּובליק תחת כנפי הדייטש״ — פּלעגן זיך די יידן דאַן אפילו ווערטלען. קיינער
האָט זיך אָבער גאָר ניט געקענט פאָרשטעלן, אז דער יודענראַט וועט מיט דער
צייט פאַרוואַנדלט ווערן אין א געצייג אין די הענט פון די דייטשע מערדערס.

שבת דעם 19טן יולי בייטאָג איז אָנגעקומען פון טאַרנאָפּאָל די ידיעה, אז
די סקאַלאַטער יידישע באַפעלקערונג מוז אין צייט 5 טעג, ד״ה ביז דאָנערשטיק
דעם 24טן (כ״ט תמוז), איינצאָלן א קאָנטריבוציע פון 600.000 רובל. אין
פאַל ווען די יידן וועלן ניט דערפילן דעם באַפעל, וועט דאָס ברענגען פאַר זיי

טרויעריקע קאָנסעקווענצן. מיט די יידישע ענינים האָט דעמאָלט אין טאַרנאָפּאָל אָנגעפירט א געוויסער דייטש, פאולפינגער, און אין זיין נאָמען האָט מען אין זעלבן טאָג געשיקט רופן פאָרשטייערס פון יודענראט צו דער באצירקס־הויפטמאַנשאפט, וו מען האָט זיי איבערגעגעבן די שארפע באדינגונגען פון דער פאראָרדענונג. דער דעלעגאציע האָט מען אויך באפוילן ביזן אויבנדערמאָנטן טערמין שאפן 12 וווינונגען פאר די דייטשן מיט פולער איינריכטונג, ווי מיט מעבל, געשיר, וועש א״א.

האָבנדיק פאר זיך אזא שווערע אויפגאבע האָט דער יודענראט געשאפן א פארברייטערטן קאָמיטעט, וואָס זאָל אויספירן די פאראנטוואָרטלעכע ארבעט. אזא גרויסן סכום אויפצוברענגען איז ניט געווען פון די לייכטע זאכן. פּדיון הנפש רייסט אָבער איין אפילו די מויערן פון דער אוממעגלעכקייט. דער קאָמיטעט האָט געקומען באשטייערן די מער פארמעגלעכע. אין אָנבליק פון דער סכנה האָבן יידן דערפילן זייער פליכט. דער קאָמיטעט האָט טאָג און נאכט פיבערהאפט געארבעט, דער פרעזעס גירלער האָט דערביי ארויסגעוויזן אומגעהייער ענערגיע און מסירת נפש; און ביז צום באשטימטן טערמין האָט מען די נייטיקע סומע, נאָך מיט אן עודף דערביי, אויפגעבראכט. א דעלעגאציע האָט אָפּגעפירט דאָס געלט קיין טארנאָפּאָל. דער עודף איז געבליבן אין קאסע אלס רעזערוו. עס זיינען אויך געשאפן געוואָרן די פארלאנגטע 12 וואוינונגען מיט קאָמפּלעטער איינריכטונג.

אין דער ערשטער צייט איז די הויפט־טעטיקייט פונעם יודענראט באשטאַנען אין: 1. צושטעלן יעדן טאָג 200—300 יידישע ארבעטער פאר די דייטשע און אוקראינישע מאכטהאָבער, 2. אפּראָוויזאציע פון דער יידישער באפעלקערונג; צו דעם צוועק איז געשטאנען צו דיספּאָזיציע א יידישע בעקעריי, 3. איינשטעלן די טעטיקייט פון די נאָר וואָס געשאפענע אמטן, און 4. פארזאָרגן מיט מתנות די דייטשן, וואָס פלעגן כמעט יעדן טאָג קומען צאפּן פון די יידן. עס האָט זיך דערפאר באלד אויך ארויסגעוויזן פאר נייטיק צו שאפן א ספּעציעלן לאגער פון מלבושים, מעבל און געשיר, וואָס דער יודענראט האָט צונויפגעזאמלט פון די יידישע איינוווינערס, און ביי יעדן פארלאנג פארזאָרגט די דייטשן מיט דעם נייטיקן.

אין דער זעלבער צייט (כ״ תמוז תש״א — 16.7.41) איז ארויס די פארordנונג, אז די יידן מוזן טראָגן אויף דער רעכטער האנט ווייסע אָרעמבענדער מיט מגן־דודס. אויף די בענדער פון די יודענראט־מיטגלידער האָט געדארפט זיין אויפגעשריבן מיט גרויסע אותיות „יודענראט“. דער יידישער „אָרדענונגסדינסט“ האָט געטראָגן געלע בענדער מיט זייער אויפשריפט. א חוץ דעם האָבן געמוזט

אויף די יידישע הייזער הענגען שילדלעך מיט מגן־דודס, פאר וועלכע דער יודענ־ראט האט איינגעצאָלט א געוויסן הויכן אָפּצאָל. דאָס לעבן אין שטעטל האָט זיך עטוואָס נאָרמאליזירט, און מיט קלענערע ענדערונגען האָט זיך אזוי אוועקגעצויגן ביז אָנהייב הארבסט.

אין א געוויסן טאָג, ערב די יום טובים, האָט דער יודענראט געגעבן צו וויסן אלע יידן, אז זיי מוזן זיך שטעלן 9 אין דער פרי אויפן מארק־פּלאַץ. עס האָט קיינער ניט געוווסט די כוונה פון דער פאראָרדענונג. עס איז געקומען פּרעזעס נירלער און האָט דעם עולם דערקלערט, אז זיי דארפן זיך ניט שרעקן; נאָר א געוויסע צאָל מענטשן וועלן גענומען ווערן צו דער ארבעט. שניידער, דער קאָמענ־דאנט פון דער סקאלאטער שופּאָ (שוץ־פּאָליציי), האָט דאן אויסגעקליבן 200 יונגע מענטשן און זיי אוועקגעשיקט קיין מאקסימאָווקע אויף שווערער ארבעט ביי דער באן־ליניע. די באדינגונגען זיינען דאָרט געווען זייער שלעכטע. ביז צום חודש זיינען כמעט אלע צוריקגעקומען, אויסקויפנדיק זיך דאָרט פון די דייטשן פאר הויכע סומעס געלט. — אין דער זעלבער צייט איז שוין געווען טעטיק אין דער דערבייאיקער באָרקי־ווייעלקע דער לאגער פאר רוסישע געפאנגענע. די מענטשן האָבן דאָרטן שווער געארבעט און פלעגן באקומען איין מאָל אין טאָג א ביסל וואסערדיקע זופּ, און בכלל איז די באהאנדלונג מצד די דייטשן געווען אן אומ־מענטשלעכע. דער יידישער ארבעטס־אמט אין סקאלאט האָט אויך געמוזט יעדן טאָג צושטעלן קיין באָרקי־ווייעלקע 200 יידישע ארבעטער, וואָס פלעגן מיט דער באן יעדן פארנאכט צוריקקומען א היים. די געפאנגענע אין דעם לאגער זיינען שוין געווען צעבראָכענע און אויסגעמאטערטע מענטשן און די שטערבלעכקייט צווישן זיי איז געוואקסן פון טאָג צו טאָג. די יידן פלעגן זיי העלפן מיט וואָס נאָר מעגלעך. מען פלעגט זיי בגנבה צוווארפן א שטיקל ברויט אָדער א פּאפּי־ראָס. טאָמער פלעגט דאָס אָבער א דייטש באמערקן, פלעגט ער נעמען שלאָגן, מאנכע מאָל האָט מען אויך געשאָסן. די אומגליקלעכע זיינען ממש אויסגעגאנגען פאר הונגער. די אויספאלנדיקע פלעגן די דייטשן דערגאנצן מיט טראנספּאָרטן יידן, וואָס פלעגן אָנקומען פון לעמבערג און סטאניסלאוו. דעם 24. 12. 1941 האָבן די דייטשן אויסגעשאָסן די אלע ארבעטס־אומפעאיקע און אויסגעפּייניקטע גע־פאנגענע. דאן האָבן זיי אנגעהויבן אויף דאָסניי צו אָרגאניזירן א געשלאָסענעם לאגער פון בלויז יידן. אין דעם טאָג זיינען שוין די סקאלאטער 200 יידן ניט צו־

ריקגעקומען. מען האָט זיי פאַרהאַלטן אַלס סטאַבילע העפטלינגען אין באַרקער לאַגער. דער יודענראַט אין סקאַלאַט האָט תיכף אָרגאַניזירט א פּרויען-קאָמיטעט, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען צו ברענגען הילף די יידן אין באַרקי-וויעלקע. מען פלעגט אהין שיקן יעדע פאָר טעג שפּייז און דער עיקר ברויט. ווען עס זיי-נען געווען די פרעסט, האָט מען אויך אהין געשיקט וואַרעמע מלבושים, הענט-שקעס און שטרויענע שיצערס אויף די פיס. — אָנהויב 1942 יאָר האָט שוין עקסיסטירט דער לאַגער אין קאַמיאָנקע, אין וועלכן עס האָבן געאַרבעט יידן פון טשאָרטקאָוו, קאָפּיטשינצע, טרעמבאָוולע, מיקולינצע, כאָראָסטקאָוו און גזשי-מאַלאָוו. באַלד זיינען אויך אנטשטאַנען די לאַגערן אין סטופּקע און ראָמאַנאָווקע. דורך דער פאַרמיטלונג פון עם סקאַלאַטער יודענראַט פלעגט מען אויך אהין אָפּ-שיקן שפּייז-פּעקלעך פאַר די יידישע העפטלינגען. צוליב דעם וואָס די לאַגערן פון אַרום סקאַלאַט האָבן געשלונגען פיל מענטשן, האָט יעדע שטאָט אין טאַר-נאָפּאָלער קרייז געמוזט צושטעלן יעדן חודש א נעוויסן קאָנטינגענט מענער, דער עיקר יונגע, וואָס זאָלן פאַרנעמען די רייען פון די כסדר אויסגעמאָרדטע. אין סקאַלאַט זיינען געווען די פאַרבינדונגס-מענער מיט די דייטשן. דערפאַר האָבן זיך דאָ אויך אנטוויקלט געוויסע טראַנסאַקציעס צווישן די יודענראַטן פון די פאַר-שיידענע שטעטלעך, ווי ביים אויסקויפן מענטשן, אויסבייטן אַרעמע פאַר רייכע, אריינגעבן מתנות די דייטשן או"וו.

סקאַלאַט איז פאַמעלעך געוואָרן די צענטראַלע פון די אַלע סאָרטן מיס-חרים און די ענינים פון מענטשלעכע לעבנס. דער יודענראַט האָט אָנגעהויבן זינ-קען אַלץ טיפער אין זומפּ פון געמיינקייט און שפלקייט. פון דער אַנדערער זייט האָט דער יודענראַט נעפּרווט עפעס אויפטאָן פּאָזיטיווס פאַר דער באַפעלקע-רונג. אין ערשטער ריי האָט מען געשאַפן א מושב-זקנים און א פאָלקסקיך פאַר אַרבעטער. אויך האָבן קינדער באַקומען א צוגאָב-פאַרפלעגונג, פון צייט צו צייט ראַציעס גרויפּן און מילך. די אָפיציעלע פאַרפלעגונג פּראָ פּערזאָן איז באַשטאַ-נען פון 100 ג. ברויט, א פאָר דעקאָ גרויפּן און א פאָר קילאָ קאַרטאָפל. פאַר-שטייט זיך, אז מיט אזא צוטיילונג איז אוממעגלעך געווען צו לעבן. די פאַר-מעגלעכערע יידן האָבן זיך אין פרייען האַנדל צונעקויפט שפּייז, זיך אויך גע-מאַכט רעזערוון. די אָרעמע אָבער האָבן געליטן הונגער און נויט. דער עיקר האָט געבליט דער טוישהאַנדל מיט די דאָרפס-פויערים, וועלכע האָבן פאַר א ביסל

שפּייז צוגענומען ביי יידן מלבושים און הפצים. אויף וויפל עס איז מעגלעך גע־ווען האָט דער אמט פאַר סאָציאַלער הילף צוגעהאָלפן. די פינאַנציעלע מעגלעכ־קייטן זיינען געווען קליינע, כאָטש מען האָט געמאָנט פאַרשיידענע אָפּצאָלן און שטייערן ביי דער באַפעלקערונג. כדי צו פאַרזיכערן פאַרן יודענראַט א סטאַבילע הכנסה זיינען געשאַפן געוואָרן 2 קאַפע־הייזער, ווו עס זיינען געווען באַשעפטיקט נאָר אייגענע מענטשן. דאָרט פלעגט פאַרקויפט ווערן טיי און געבעקס, אויך צי־גאַרעטן און דעליקאַטעסן, וואָס זיינען פאַר הויכע פרייזן געקויפט געוואָרן ביי אַרישע פּאַרמיטלערס. די 2 צוזאַמענקום־ערטער פלעגט מען אין שטעטל אָנרופן „באַטיאַרניעס", ווייל אהין פלעגן קומען אלע לעב־יונגען, ביי וועלכע עס האָט געלט ניט געשפּילט קיין ראָלע. עס פלעגן זיך דאָרט אויך צונויפקומען כמעט אלע כלל־טוער פונעם יודענראַט, ווו עס פלעגט פּאָליטיקירט און דערלייידיקט ווערן פאַרשיידענע לויפנדיקע ענינים.

אין יאַנואַר 1942 איז געקומען די גזירה, אז יידן מוזן אָפּגעבן זייערע פוטערס אין צייט דריי טעג. אין קעננפּאַל — איז טויטשטראָף. אויפן באַפעל פון מאַרגאָפּאָלער ס"ד האָט דער יודענראַט קאָנפיסקירט אלע פוטערס ביי די יידישע איינוווינערס, און ביז צום באַשטימטן טערמין זיינען נאָנצע מאַגאַזינען פול געווען מיט פוטערס און פעלצואַכן. די שענסטע פוטערס האָבן צוגענומען די דיי־טשע העכערע פונקציאָנערן, און שפּעטער מיט א פּאָר טעג האָט מען פאַרלאָדן 2 וואַגאָנען פוטערס, וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַרן גרויסן „ווינטערהילפס־ווערק", פאַר די קעמפנדיקע דייטשן אין טיפן רוסלאַנד. מאַנכע יידן האָבן די פוטערס פאַרברענט, אבי זיי ניט אָפּצוגעבן דעם דייטש.

אוועקנעבנדיק אלע פוטערזאַכן און קאַלנערס פון די ווינטער־מלבושים, פלעגן די יידן אומגיין אין די נאַקעטע קראַגנס פון שטייפלייוונט, וואָס האָט זייער קאָמיש און אומהיימלעך אויסגעזען. דאָ איז אָבער געקומען א באַפעל, אז מען מוז איבערציִען די קראַגנס מיט טונקעלן שטאָף. די פאַראָרדענונג זאָל האָבן גע־קומען פונעם יודענראַט, וועלכער האָט אויך געזאָרגט פאַרן עסטעטישן אויסזען פון די איינוווינערס.

אין די חדשים פעברואַר—מערץ 1942 איז אין סקאַלאַט ניט פאָרגעקו־מען קיין אויסערגעוויינלעכס. אין אַפּריל האָבן די יידן געמוזט עוואַקואירן די הויפּטגאַסן, ווייל זייערע וווינונגען זיינען באַשטימט געוואָרן פאַר אוקראַאינישע

מיוחסים. אין צייט 8 טעג זיינען צענדליקער הייזער פון די הויפּטגאסן אָפּגע־רויטט געוואָרן, און די ארויסגעטריבענע יידן האָבן זיך ארייגעקליבן אין די הינטערגאסן. אין חודש מאי איז אין טארנאָפּאָל שוין פאָרגעקומען די ערשטע אקציע, דער אזוי גערופענער קאָנטינגענט פון אַלטע און שוואכע. די קרבנות זיי־נען באשטאנען מיינסטנס פון מענטשן פון שפּיטאָל, מושב־זקנים און פון די עלנטע קינדער אינעם בית־היתומים. די איוב־פּאָסט פון טארנאָפּאָל האָט אין שטעטל ארויסגערופן א פּאנישע שטימונג. מען האָט געפילט, אז עס דערנענ־טערט זיך אן אומגליק.

עס האָט זיך דערנענטערט די שניטצייט. די דערפער און פּאָלווארקן פון דער סביבה האָבן געפּאָדערט ארבעטהענט. דער ארבעטס־אמט ביים יודענראט האָט איצט געמוזט צושטעלן יעדן טאָג פון פינף ביז זעקס הונדערט יידישע אר־בעטער, וואָס פלעגן ארויסגיין אויף די ארבעטספלעצער אונטער דער שמירה פון יידישן „אָרדענונגסדינסט". אין דער צייט האָט מען גענומען טיילן פאר די אלע ארבעטנדיקע יידן ארבעטס־לעגיטימאציעס, פארזען מיט דייטשע און אוקראינישע חתימות, וואָס האָבן געזאָלט שיצן די דערשראָקענע קעגן עווענטועלע געפארן. אזוינע „אויסווייזן" פלעגן דערלייידיקט ווערן דורך דער פארמיטלונג פון יודענ־ראט. פון די ניט ארבעטנדיקע האָט מען פאר אזא שטיקל פּאפּיר געגומען א הויכן אָפּצאָל. דער לעגיטימאציע־פּסיכאָז האָט ארומגעכאפּט די גאנצע יידישע באפעלקערונג. יעדער באזיצער פון א לעגיטימאציע האָט געגלייבט, אז דערמיט איז זיין לעבנס־עקסיסטענץ שוין געזיכערט. די ערשטע צוויי וואָכן פלעגט מען זיך רעכענען מיט די אויסווייזן. דערנאָך האָבן זיי שוין מער גיט געשיצט ביים כאפּן צום לאגער באָרקי־וויעלקע.

אין יולי 1942 האָט דער יודענראט געמוזט צושטעלן א קאנטינגענט 30 מיידלעך פאר די טאבאק־פלאנטאציעס אין יאנעלניצע. די פרויען האָבן דאָרט געארבעט אונטער די שווערסטע באדינגונגען. נאָך א געוויסער צייט האָבן זייערע עלטערן זיי אויסגעקויפט, מעשה נס, נראָד א פּאָר טעג איידער עס זייגען דאָרט אויף א בעסטיאלישן אופן אויסגעשאָסן געוואָרן 400 אנדערע מיידלעך.

אזוי האָט אויסגעזען דאָס לעבן אין סקאלאט, אין דער אזוי גערופענער „רואיקער" צייט פון יולי 1941 ביז אויגוסט 1942.

אין פארגלייך צו די ווייטערדיקע פּאסירונגען איז דאן באמת געווען אונדזער גאלדענע צייט אונטער דער דייטשער אָקופּאציע.


קארטע-סקיצע
פון
סקאלאטער געטא
מאסן-קברים
טארנאפאל
נאוואסיעלקע
שטיין ברוך
ארבעטס-לאגער
זשאנדארמעריע
פאסטן
יידישער
בית
עלמין
צערקווע
פאדוואלאטשיסק
מארק פלאץ
שול
טייכל
באן-ליניע
גזשימאלאוו
סימנים אויפקלערונג
די I גרענעצן פון געטא
די II גרענעצן פון געטא
שטח פון לעצטן געטא
ניט יידישער שטאט טייל

## דער „לעבעדיקער קאָנטינגענט“

זינט עס איז פאָרגעקומען דער ערשטער פּאָגראָם איז פאַרביי א יאָר. עס האָבן זיך נאָך אָבער ווייט ניט פאַרהיילט די ווונדן פון דער בלוטבאָד דעם זעקסטן יולי 1941. עס האָט זיך דורכגעלעבט א יאָר א גאַנצס ווי דער יודענ־ראַט האָט אונטער שווערע באַדינגונגען רעגולירט דאָס לעבן. נאָך תשעה באָב (תש״ב) האָבן אָבער די סקלאַווער יידן גענומען מערקן א נאָר נעדריקטע שטימונג און אומרואיקייט ביי די אלע עסקנים פונעם יודענראַט. „יידן, עס איז שלעכט, עס הענגט א גרויסע גזירה אויפן שטעטל, מען באַדאַרף האָבן רחמים“ — האָבן זיי געזאָגט. און די בייזע בשורה האָט זיך בליץ שנעל פאַרשפּרייט צווישן די יידישע איינוווינערס, די שפּאַנונג איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. די נעכט זיינען געווען שלאָפלאָזע און די טעג פאַראומערטע. וואָס וועט זיין? —

דער יודענראַט האָט אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען און זיך געבויערט די מוחות, ווי אזוי צו געפינען אן אויסוועג צום קריטישן מצב. ניט זעענדיק קיין אנדער ברירה איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן א גרויסן סכום געלט, כדי אונטער־צוקויפן די דייטשן און מבטל מאַכן די גזירה.

יידן האָבן פון זיך אוועקגעגעבן דאָס לעצטע. נאָך א פּאָר טעגיקער זאַמ־לונג האָבן די עסקנים צונויפגעזאַמלט 2 וואַליזעס מיט גאָלד, זילבער, געלט און ווערטפולע חפצים. דער יודענאַט האָט באַשטימט א דעלעגאַציע מיטן פּרעזעס נירלער בראש, וואָס איז באַלד אָפּגעפאָרן קיין טאַרנאָפּאָל, צו געשטאַפּאָ.

וואָס פאַר א טייל פונעם גאָלד זיי האָבן דאָרט פאַקטיש דער געשטאַפּאָ אוועקגעגעבן, איז קיינעם ניט געווען באַקאַנט. די דעלעגאַציע איז אָבער פון טאַר־נאָפּאָל צוריקגעקומען אויפגעמונטערט און צופרידן. וואָס אמת, פּרעזעס נירלער איז אַרומגעקומען מיט א פּאָר אויסגעהאַקטע ציין, אויך די אנדערע דעלע־גאַציע־מיטגלידער זיינען געווען שטאַרק צעשלאָגן, משמעות פון דעם הייסן קבלת־פּנים ביי די ס״ס. — דערפאַר אָבער איז זיי געלונגען אויפצוטאָן לטובת הכלל.

„עס איז ווערט געווען, מיר האָבן אָפּגעראַטעוועט די שטאָט" — האָבן זיי געזאָגט. זיי האָבן, הייסט עס, אין טאַרנאָפּאָל זיך צונויפגערעדט מיט די דייטשן און פיל געפּועלט. אויך אויף להבא וועט מען סקאַלאַט קיין שלעכטס ניט טאָן.— אַזוי שטאַרק האָט געווירקט די מתנה אויף די ס"ס און אַזוי הצלחהדיק איז עס אַדורך דער דעלעגאַציע אונדזערער.

נאָך אַזעלכענע ניסים ונפלאות האָט זיך די דענערווירטע באַפעלקערונג אַ ביסל בארואיקט און געוואָלט גלייבן אין דער ריכטיקייט פון די הבטחות.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך די קהל־פאַרזאָרגערס אַרומגעדרייט ווי צעחושט. מיט געהיימע זיצונגען זיינען טאָג־איין טאָג־אויס געווען פאַרטאָן די מיטגלידער פונעם יודענראַט. די אמתע כוונה פון דער אומרואיקייט האָבן אָבער לכתחילה קיין זיימיקע ניט געוווּסט. ערשט שפּעטער איז מען געוואויר געוואָרן פון דער גאַנצער געשיכטע. און אָט וואָס דאָ האָט זיך אַרויסגעשטעלט. —

די דייטשן האָבן געהאַט בדעה צו דורכפירן אַן אַקציע איבער אַלטע לייט און קראַנקע. האָט אין טאַרנאָפּאָל די יידישע דעלעגאַציע אויסגעפּועלט, מען זאָל זיי איבערגעבן די זאַך אין די אייגענע הענט. „איר באַדאַרפט צו אונדז קיין סקאַלאַט ניט קומען, — האָבן זיך געבעטן די דעלעגאַטן — מיר וועלן די אַקציע אַליין דורכפירן; שטעלט אונדז נאָר דעם קאָנטינגענט". און מיט דעם שעף פון טאַרנאָפּאָלער געשטאַפּאָ, אָבערשטורמפירער מילער, איז מען מושווה געוואָרן אויף פינף הונדערט נפשות אויף דעם טאָג פון 31טן אויגוסט 1942.

דאָס איז געווען י"ז אלול תש"ב (30.8.1942). די סקאַלאַטער תושבים. ניט דערוואַרטנדיק קיין שום שלעכטס, האָבן אַרומגעשפּאַצירט אויף די גאַסן אַרום 5 אַ זייגער נאָך מיטאָג. האָבן זיך מיט פאַרטיקע רשימות אין די הענט און באַגלייט פון יידישע מיליציאַנטן אַרויסגעלאָזט פּאָרווייז איבער די צעוואָרפענע הייזער די „פּני" פון שטאָט און גענומען שלעפּן די זקנים, זיידעס און באָבעס. אויך עלטערע טאַטע־מאַמעס, ווי אויך יתומים און קינדער, וואָס זיינען אָנערקענט געוואָרן פאַר קראַנקע, און סתם יידן „שעדלינגען", די אַזוי גערופענע קיצבה־נעמער. די אַלע האָט מען אָפּגעפירט אין שול אריין, ווייל דאָרט איז געווען באַ־שטימט דער זאַמלפּלאַץ פאַר די אומגליקלעכע. די כאַפּערס האָבן נאָך איינגע־רעדט זייערע קרבנות: „קומט, יידן, האָט ניט קיין מורא, עס דאַרף פאָרקומען אַן אסיפה אין שול. אַזאַ באַפעל פון מלכות. — און אַז דער דייטש וועט אייך

שלעפן, ווען אייך שוין זיין בעסער? ..״ עס האָט ניט געהאָלפן קיין וויינען, פּראָ־
טעסטירן — מען האָט שוין געמוזט גיין. האָט ווער ניט געוואָלט גיין מיט גוטן,
האָבן אים חברה מיליציאַנטן גענומען מיט כוח. די וואָס האָבן ניט געקענט אליין
גיין, האָט מען געטראָגן אויף די הענט. ביים ארויסנעמען די קראנקע פון שפּיטאָל
האָבן זיך אָפּגעשפּילט הארצרייסיקע סצענעס.

עס איז בכלל שווער איבערצוגעבן די אלע מוראדיקע סצענעס, וואָס האָבן
זיך דערביי אָפּגעשפּילט. די ארבעט איז אָבער אדורך מיט דערפאָלג. אויף א
גאנצע נאכט זיינען אומגעגאנגען די יודענראט־מיטגלידער, געזוכט, געגישטערט
אין די לעכער, קעלערס און בוידעמער און געפירט אין שול אריין די אלטע און
קראנקע. ווייניק פון די אלטע איז געלונגען זיך צו באהאלטן. ראשית צוליב דעם,
וואָס דאָס אומגליק איז געקומען אומגעריכט. והשנית, עס וואָלט אויך ניט גע־
ווען געהאָלפן קיין באהאלטן, ווייל די כאַפּערס האָבן געמוזט לויט דער רשימה
צושטעלן די קרבנות. האָט געפעלט דער געזוכטער מענטש, האָט מען גענומען
אן אנדערן פון דער משפּחה. יעדער כאַפּער איז געווען פאר זיין רשימה פאר־
אנטוואָרטלעך. דיסציפּלין און אָרדענונג ביי אזעלכע ענינים האָט מען זיך שוין
אויסגעלערנט פון די דייטשן.

די אנדערע מענטשן, וועמען דאָס אומגליק האָט דירעקט ניט געטראָפן,
זיינען ארומגעגאנגען טרויעריקע און צעמישטע. וואָס קומט דאָ אייננטלעך פאָר?
א קליינער טייל יידן האָט געקלערט, אז אויב עס דארפן שוין יע גיין צום טויט
מענטשן, איז שוין גלייכער אלטע! זיי האָבן דאָך שוין פאָרט אויסגעלעבט זייערע
יאָרן... פון אזא פאלשער און קראנקער באנעמונג זיינען טאקע געווען באאיינ־
פלוסט אויך די מקורבים פון יודענראט, וואָס האָבן באמת געמיינט, אז מען טוט
דאָ א גרויסע זאך פארן כלל.

אזא אומגעלומפּערטע טעאָריע האָט אָבער געקענט אויסוואקסן נאָר אין
די דעגענערירטע מוחות פון די יודענראט־מיטגלידער און זייערע נאָכלויפערס.
דער איבערוועגנדיקסטער טייל אָבער פון דער באפעלקערונג האָט זיך מיט עקל
צוגעקוקט צום בלוטיקן שפּיל. פאר וואָס זיי זיינען געווען אזוי שוואך און מאכט־
לאָז זיך אנטקעגנצושטעלן דער קליקע, איז שווער צו ענטפערן.

9 א זייגער אין אָוונט, ווען דער גרעסטער טייל פון די קרבנות האָט זיך
שוין געפונען אין שול, האָט מען ארומגעשטעלט דעם בנין מיט א פארשטארק־

טער שמירה פון יידישע מיליציאנטן, עס זאָל חלילה קיינער ניט קענען אנטלויפן, און דער עיקר בשעת מען האָט יעדעס מאָל אין דער נאכט צונעבראכט פרישע קרבנות.

נאָך דער אָפּנעטאָגענער ארבעט זיינען זיך די מיטגלידער פון יודענראט צונויפגעקומען אין זייער לאָקאל, כדי זיך אָפּצוגעבן א באריכט פון דער היינטיקער טעטיקייט. מען האָט אָנגעגרייט לעקעך און בראנפן, און יידן האָבן זיך משמח געווען און איינער דעם אנדערן גראטולירט: א קלייניקייט, דאָך אָפּגעראטעוועט א שטאָט! דער עיקר בארימערויי זייער איז געווען: „ווען ניט מיר, וואָלטן דאָך דאָס געמאכט די דייטשן — היינט וויפל בלוט פון גאנץ זייטיקע מענטשן וואָלט זיך דאן געגאָסן?" . . . מען גיט איבער, אז דער ראטמאן מנ"ר מ. לעמפערט האָט באקומען פון יודענראט א געלט־פרעמיע דערפאר, וואָס ער האָט די מענטשן פון זיין רשימה צונויפגעבראכט דער ערשטער, אויף די אלע הונדערט־פּראָצענט! . .

נאָך דער שימחה איז מען נעגאנגען טעלעפאָנירן צו געשטאפּאָ קיין טארנאָפּאָל, אז די ארבעט איז מיט דערפאָלג דורכגעפירט געוואָרן און זיי קענען שוין מאָרגן קומען איבערנעמען דעם טראנספּאָרט.

דאָס אלץ איז שווער צו גלייבן. אָבער די לעבנגעבליבענע עדות ווייסן דאָס און גיבן דאָס איבער, מעג ווי טיף שניידן דער שארפער מעסער פון אמת. —

מיין מוטער, וואָס האָט זיך אין יענעם טראגישן טאָג געפונען אין שול צווישן די קרבנות, ווייל זי האָט געוואָלט ראטעווען איר מוטער, מיין באָבען, פון אומקום,—גיט איבער אָט די נבית־עדות:

„אין טראגישן טאָג פון י"ח אלול (31 אויגוסט 1942) איז מיר געלונגען צו באהאלטן מיין מאמען, די 87 יאָריקע איידל יאללעס. מיין מאמע איז געווען א יידענע אן אוצר, א באלעזענע אין צאינה־וראינה און אין אנדערע מוסר־ספרים. זי האָט געהאט 3 זין און 2 טעכטער. 2 זין זיינען נאָך מיט 40 יאָר צוריק אוועקגעפאָרן קיין אמעריקע, פון וואנען זי האָט באקומען אויסהאלטונג ביז צום אויסבראָך פון דער וועלט־מילחמה. אין סקאלאט און אין טארנאָפּאָל האָט זי געהאט 2 טעכטער און א זון, מישפחות באפעלקערטע מיט אן ערך 20 אייניקלעך

און אוראייניקלעך. ווען עס פלעגט קומען שבת, פלעגט די אלטיטשקע אליין ניט וויסן צו וועלכן קינד אָדער אייניקל זי זאָל פריער גיין. יעדעס יאָר כמעט פלעגט קומען א זון פון אמעריקע, איר מזכה זיין מיט כיבוד־אם. עס איז געווען א נחת צו הערן איר דערציילן מעשיות פון הייליקע צדיקים. זי האָט פארמאָגט א פענאָ־מענאַלן זכרון. ניט געקוקט אויף איר טיפן עלטער, איז זי להלוטן ניט געווען צו־ריקגעשטאַנען מיט איר שכל און קלוגשאפט. בכלל האָט זי זיך געהאלטן ריין און געזונט, גלייך ווי זי וואָלט געווען מיט א 30 יאָר יינגער. יעדן אין דער פרי פלעגט זי אָנטאָן די ברילן און זיך שטעלן דאַווענען פונעם דיקן געשוואָלענעם קרבן־מנחה־סידור, דערנאָך זיך אָפּקאָכן א ביסל געקעכטס. שפּעטער פלעגט זי ארויסגיין אין שטאָט אריין, געוווער ווערן, ווו עס איז פאראַנען א קראַנקער, א נויט־באַדערפטי־קער, דעם א פּאָר זלאָטעס, יענעם א ביסל איינגעמאַכטס. ווייל דער מענטש לעבט דאָך ניט אייביק, און מיט מצוות און מעשים־טובים מוז מען זיך באַצייטנס פאַר־זאָרגן. תכריכים און א שטיקל פּלאַץ אויפן בית־עולם לעבן מאַן, וואָס איז מיט 20 יאָר צוריק געשטאָרבן, האָט זי זיך שוין פון לאַנג אָנגעגרייט. „מילא, אז מען וועט מיך רופן — וועל איך גיין, פלעגט זי זאָגן, עס איז שוין נענטער ווי ווייטער; דערוויל ווי טייער איז מיר דאָס ביסל נחת פון קינדער!..“

אין דעם פאַטאַלן טאָג האָבן מיר צו דער אלטיטשקער געזאָגט: „קום, מאַמע, מיר ווילן דיך באַהאַלטן, מיר ווילן דיך ניט איבערגעבן אין די הענט פון די תליונים!“

די אלטיטשקע האָט געציטערט ווי א בלאַט; זי האָט נאָך געוואָלט לעבן, און אויב שוין יע שטאַרבן, איז כאָטש אויף דעם אייגענעם בעט. „קינדערלעך טייערינקע, פארלאָזט מיך ניט“ האָט זי געזאָגט, און מיט וואַקלענדיקע שריט גע־נאַנגען צום באַהעלטעניש. די דאָזאָרעס פון יודענראַט זיינען ארומגעלאָפן א גאַנצן טאָג ווי משוגע; מ'האָט זי געזוכט, געשנישטערט, און ניטאָ. זיי האָבן זיך נעקאָכט: „סטייטש, היתכן, די אלטע יאַלעס איז נאָך ניט אָפּגעשטראָכן פון דער רשימה!.. געהערט א חוצפּה פון ניט־באַוווסטזיניקער מישפּחה, מען גייט און מען באַהאַלט אזא אלטע און צעבראָכענע זקנה!.. ניין, ביי אונדז וועט זי ניט אויספירן!..“

זיינען באַלד געקומען מיליציאַנטן צו מיר מיט אן אולטימאַטום: „איר גיט ארויס אייער אלטע מוטער, צי ניין?“. — „איך ווייס ניט ווו זי איז“, האָב איך

געענטפערט. ערשט דאַן האָט זיך דער מיליציאַנט צעשריען: „אויב איר ווילט זי ניט אַרויסגעבן, טאָ קומט איר מיט אונדז, איר ווילט אונדז אַלעמען אומגליקלעך מאַכן, מיר מוזן דאָך האָבן דעם סכום מענטשן, — איר פאַרשטייט צי ניין?..“ איך האָב ניט פאַרשטאַנען; איך האָב געהאַלטן, אַז עס איז גלייכער אַליין צו גיין, איידער אַרויסגעבן אַן אַלטע מאַמע צום טויט. איך האָב געוויינט, געשריען, געחלשט, געריסן זיך מיט די חברה־לייט און ניט געוואָלט גיין. עס האָט מיר אָבער נאָרניט געהאָלפן. זיי האָבן מיך אַוועקגעשלעפּט אין שול פאַר א משכון.

אין שול איז געווען אַן ענגשאַפט, דערשטיקט צו ווערן. א געשריי, א געוויין. די אַלטע לייט קרעכצן, הוסטן, ליאַרמען און הלשן. די גאַנצע צייט אין דער היץ, אָן א טראָפּן וואַסער אין מויל. א פּאָר זקנים און קראַנקע, וואָס האָבן ניט געקענט דורכהאַלטן, זיינען שוין געלעגן טויטע. ביים עמוד איז געשטאַנען הערש סיגאַל און געזאָגט מיט א יאָמערדיק קול קאַפּיטלעך תהילים. הערש סיגאַל, אונדזער לאַנגיעריקער שכן און גוטער פריינד, איז געווען א לערער, א מלמד, א מעקלער, בכלל אַן איידעלער יונגערמען, אָבער אַן עני ואביון כל ימיו. ער איז לעצטנס געווען א ניצרך און באַקומען שטיצע פון קהל. דערפאַר איז ער עס אויך געווען אויף דער ליסטע פון די „אומניצלעכע“, און אַלס א זעלכן האָט מען אים מיטן ווייב און צוויי קליינע קינדערלעך אהער פאַרשלעפּט.

„פרוי וויסבראָד, וואָס מאַכט איר דאָ?“ — האָט הערש סיגאַל מיך געפרעגט. איך האָב אים דערציילט מיין גאַנץ אומגליק וועגן דער מאַמען און זיך אויך געלאָזט אינפאָרמירן פון זיינע צרות. „וואָס ווילן זיי פון מיר, און וואָס איז מיין ווייב און קינדער שולדיק?“ — די פראַגע האָב איך ניט געקענט פאַרענטפערן. איך בין נעשטאַנען פאַרצווייפלט. דאָך האָב איך נאָך געהאַט א האָפענונג, אַז שפּעטער אַ פּאָר שעה וועט מען מיך פון דעם לייבנגרוב אַרויסלאָזן, און אויך מיין מוטער וועט זיין געראַטעוועט. די טוערס פון יודענראַט זיינען דאָך גוטע באַקאַנטע, זיי וועלן זיכער ניט דערלאָזן צו אַזא שענדלעכן טאַט, א טאַכטער זאָל גיין פאַר דער מאַמען. דערווייל האָט הערש סיגאַל און איך צוגעשריבן בריוו צו דער מישפּחה און פריינט: „ר א ט ע ו ו ע ט“!..

עס פאַרגייט די צייט. די שעהן לויפן. מען הערט ניט און מען זעט ניט. באַלד איז שוין אָוונט. עס איז שוין נאַכט. קיינער קומט ניט אַרויסראַטעווען. מען האַלט אָבער אין איין צוברענגען פרישע קרבנות, וועלכע מיר רינגלען אַרום, אויספרעגנדיק, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט.

דער גלויבן אין רעטונג ווערט וואָס א מאָל שוואכער, און דער פּחד פאַרן טויט הייבט אָן צו באַפאַלן דעם נעראַנק. וואָס פאַרא נאכט איך און די אַנדערע יידן האָבן דאָרט דורכגעמאַכט! די נעכט אין גיהנום קענען זיכער ערגער ניט אויסזען . . .

עס איז געוואָרן טאָג. דורך די רויט־בלוי־גרינע שויבן פון די הויכע שול־פּענצטער האָט זיך אַריינגעריסן טאָג־ליכט, וואָס האָט פאַרקאָלירט דאָס שרעק־לעכע לעבנס־בילד, דעם בייזן חלום וועגן אַן אַנדער וועלט.

קיין ענטפער אויף די בריוו פון יענער זייט האָט מען ניט באַקומען. מיר האָבן אין שרעק געוואַרט וואָס די ווייטערדיקע שעהן וועלן ברענגען. איך האָב זיך שוין מיאש געווען און ניט געגלייבט אין א רעטונג.

דערווייל האָט מיין אַלטיטשקע מאַמע זיך דערוווסט, וואָס דאָ איז פאָר־געקומען. האָט זי אויף איר שטייגער דורכגעלעבט איר טיפסטע טראַגעדיע: ווי אַזוי לאָזט מען עפּעס א טאָכטער פאַרלוירן גיין? זי האָט זיך געבונדן פעדעם פון גורלדיקייט און השגחה, — מסתמא וויים דער ריבונו של עולם וואָס ער טוט! זי איז א גאַנצע נאכט ניט געשלאָפן און קוים דערצויגן דעם איבערפרי, כדי צו קענען גיין אויסלייזן איר טאָכטער פון מערדער־הענט. . . „טאָכטער מיינע, איך בין געקומען!“ — האָב איך אין שול פלוצלונג דערהערט דאָס קול פון מיין מו־טער, — „איך אַליין וויל זיין דער קרבן פאַר דער גאַנצער מישפּחה. . . גיי א היים, דו בינסט יינגער פאַר מיר“. זי האָט מיר אַריינגעשטופּט אין דער האַנט א גאָלדערנעם 20־קער דאָלאַר־שטיק און אַריינגעשושקעט: „אפשר וועסטו מיך נאָך קענען ראַטעווען. . .“ איך האָב ניט געוואָלט גיין.

טרערן האָבן געשטיקט אין האַלדז, און מיר ביידע, מוטער און טאָכטער, זיינען געשטאַנען ווי פאַרגליווערט און פאַרשטומט. געריררט פון דעם אַזוי הייליקן מאָמענט, זיינען מיר ביידע געשטאַנען באַוועגונגסלאָז, ווי איינגעוואָרצלטע ביי־מער, ניט צום רירן פונעם אָרט. די טראַגעדיע האָט אונדזערע ביידנס הערצער געבראָכן און צוגלייך פאַראייניקט. „גיי מיין טאָכטער, גיי, עס זאָל ניט זיין צו שפּעט“, — האָט זיך די העלדישע 87 יאריקע זקנה אָנגערופן, — „נאָר פרווו, אפשר וועסטו מיך פאָרט קענען אויסקויפן“. — מיר זיינען זיך געלעגן אין די אָרעמס, איך געדענק ניט ווי לאַנג.

דער מיליציאַנט האָט מיך אַרויסגעפירט, איך האָב זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. מיין אַלטע מוטער איז איבערגעבליבן אין שול . . . "

מאָנטיק 4 א זייגער נאָך מיטאָג איז פון טאַרנאָפּאָל אָנגעפאָרן א גרופע ס"ס מיטן אָבערשטורמפירער מילער בראש און מיט 8 לייזדיקע לאַסטאויטאָס, כדי אָפּצונעמען דעם לעבעדיקן קאָנטינגענט. דער ערשטער ליידיקער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים טויער פון דער שול. באַלד האָבן זיך באַוויזן די הערן פון יודענראַט, וואָס האָבן הכנעהדיק זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס פון די דייטשע הויפט־תליונים. „לאָאָס! וויפל האָט איר דאָ צונויפגעזאַמלט, איר דרעקיש יודען־געזינדעל?" דער יודענראַט־פּרעזעס נירלער האָט עפּעס געמאַכט מיט די הענט און דערשראָקן א פּאָר ווערטער פון זיך אַרויסגעשטאַמלט. באַלד האָט מען געהערט א ווילד געשריי פון דעם רוגזהדיקן דייטש: „וואָס? זאָ וועניג?" דאָנערוועטער נאָך איינמאַל! אין איינער האַלבער שטונדע נאָך הונדערט יודען! וואָן ניכט, זאָ קנאַלען וויר אייך נידער ווי די מאַללען הונדע!"

עס האָט געזאָלט זיין 500 מענטש; האָט זיך אָבער אין דער לעצטער מינוט אַרויסגעוויזן, אַז עס זיינען דאָ נאָר 480. צוואַנציק מענטשן זיינען ערגעץ פאַרשוווּנדן געוואָרן. מען האָט גערעדט, אַז שיקעלע גנב, דער מיליציאַנט, זאָל האָבן ביינאַכט דורך דער הינטערטיר פאַר געלט אַרויסגעלאָזט א פּאָר צענדליק מענטשן. אַז דער יודענראַט האָט געמעגט פאַר געלט באַפרייען אָדער אויסבייטן זייערע מקורבים אויף אַנדערע געזונטע און יונגע מענטשן — פאַרוואָס זאָל שיקעלע גנב ניט טאָרן? —

די פּאָר דייטשן צוזאַמען מיט דער מיליץ האָבן זיך געלאָזט איבער דער שטאָט און געכאַפּט אָן אונטערשייד יעדן, וואָס איז נאָר געקומען אונטער דער האַנט. נאָכן אָפּלויפן פון דער האַלבער שעה האָבן די כאַפּערס באַוויזן אויפצוברענגען נאָך 80 מענטשן, אַלס צוגאָב צום לעבעדיקן קאָנטינגענט.

דער שעף מילער האָט געקוקט אויפן זייגער און א מאַך געטאָן מיט דער האַנט: א סימן, עס זאָל שוין זיין גענוג, עס איז שפּעט. מען האָט ברייט צעעפנט דעם טויער פון דער שול, פון וועלכער עס האָט באַלד אַרויסגעשטראָמט א מחנה מענטשן, פאַרענדערטע, אויך ניט צום דערקענען; אויסגעמוטשעטע פונעם פאַסטן, דורשט און היץ, בלייכע, צעבראָכענע, אין דרייען איינגעבויגענע, ווי לע־

בעדיקע סטראשידלעס. א טייל האָט זיך געשטופּט, א טייל איז געפאלן פאר־הלשט צו דער ערד, און מאנכע האָבן זיך געהאלטן ביי די הענט איינער אָן דעם אנדערן.

די מיליציאנטן האָבן געפּאקט די מענטשן אין די אויטאָס, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען סחורה; ענג זיי אריינגעפּרעסט, עס זאָל וואָס מער אריינגיין, ווייל די דייטשן זיינען געשטאנען מיט די ביימשן און געהאקט איבער די קעפּ. מען האָט געטראָגן די אלטע לייט פון אלע זייטן און מיט שווערער מי זיי ארויפגע־נעבן אויפן וואָגן. מיין עלטער־מומע פיילע יאוועך,96 יאָר אלט, האָט זיך אויך געפונען דאָרט. זי האָט זיך די גאנצע צייט געהאלטן אין איינעם מיט מיין באָבען און איר שוועגערין. זי האָט אָבער געהאט מזל. בשעת מען האָט זי ארויפגע־טראָגן אויף דער מאשין, האָט זי אויסגעהויכט איר נשמה. איר טויטער קערפּער איז געלעגן אין דער עננשאפּט צווישן די לעבעדיקע. זי האָט אָבער שוין מער גאָר ניט געפילט.

ווען אלע קרבנות זיינען שוין געווען פארלאָדן אויף די אויטאָס, האָט איינער פון די מיליציאנטן געפרעגט די דייטשן, וואָס מען זאָל טאָן מיט די טויטע, וואָס זיינען געבליבן אין שול. „לייגט זיי אויף די מאשינען צווישן די לע־בעדיקע"—איז געווען דער ענטפער.

אָפּפאָרן!! — האָט דער אָבערשטורעמפירער אויסגעשריען. און די מא־שינען־ האָבן זיך אונטערן אקאָמפּאניאמענט פון געוויינען און יללות גערירט פונעם אָרט.

די 560 קרבנות האָט מען אָפּגעפירט קיין טארנאָפּאָל, און פון דאָרט אין א פארניכטונגס־לאגער.

---

הוספות צום קאפיטל „לעבעדיקער קאָנטינגענט"

דער געוועזענער איינוווינער פון סקאלאט אברהם זאָמערשטיין ניט איבער די ווייטערדיקע פּרטים בעת דער אקציע פון 31.8.1942:

1. דער ערשטער קרבן איז געווען אפרים אָלעסקער, וועלכן מען האָט גע־כאפּט אויף דער גאס, און דער „העלדישער" מיליציאנט האָט פון שימחה אויס־געשריען בקול רם: „אָט האָבן מיר שוין א פּאָטשאָנטעק!"

2. ווי באקאנט האָט מען געוויסע מענטשן פאר סך געלט ארויסגעלאָזט. דאָס געלט האָט גענומען פרעזעס נירלער און לייזער שיינבערג. אזוי ווי שיקעלע

גנב, דער מיליציאנט, האָט געזען אז מען באפרייט די רייכע פאר געלט, האָט דאס אים פארדראָסן; און אויס ערלעכן געפיל האָט ער ביינאכט ארויסגעלאָזט דורך דער הינטערטיר פון שול א פאָר צענדליק מענטשן פון דער אזוי גערופע־נער אַכטער קאָמפּאַניע, די אָרעמע. פארשטייט זיך, אז אָן געלט.

3. די גאָר נאָענטע מישפחה־מיטגלידער פון די יודענראט־מיטגלידער האָט מען געשוינט.

4. שיקעלע גנב האָט געכאַפּט יאָסל ראָטשטיין אויף דער גאס און אים מערדערלעך געשלאגן, שרייענדיק דערביי: „דו גיסט ארויס דיין טאטע־מאמע, צי ניין!?" דער לעצטער האָט זיך דערשראָקן און אים אויסגעזאָגט ווו זיין טאָטע מאַמע געפינען זיך. מען האָט זיי טאַקע אויפגעזוכט און פארשלעפּט אין שול אריין.

5. מאָטיע ראָזענבלאַטן האָט מען אויך געכאפט פאר א משכון. און אזוי ווי ער האָט נים געוואָלט אויסזאָגן — מעגלעך אז ער האָט אפילו ניט גע־ווּסט, ווו דער טאַטע געפינט זיך — האָט מען אים אויך ארויסגעזעצט אויפן אויטאָ. אים איז אָבער געלונגען אַראָפּצושפּרינגען און אַנטלויפן. אויך א צווייטער ייד האָט עס געפרוווט מאכן, אָבער די דייטשן האָבן אים בשעת דעם אַנטלויפן דערשאָסן.

פרוי מוניא בערנהויט פון סקאלאט גיט איבער:

1. אויך אין טארנאָפּאָל איז אין דעם טאָג דורכגעפירט געוואָרן אן אקציע. די סקאלאטער קרבנות האָט מען דאָרט פארלאָדן צוזאמען מיט די טאר־נאָפּאָלער און זיי אלעמען אָפּגעפירט קיין בעלזשעץ.

2. דער יודענראט האָט נעהאלטן אין לאקאַל פון דער מיליץ א גאנצן טאָג א צאָל פּריווילעגירטע עלטערע מענטשן מיט דער אויסרעכענונג: טאָמער וועט דאָך געלינגען צו פארדרייען די דייטשן דעם קאָפּ און אזוי ארום אָפּראטעווען די מענטשן. די דייטשן האָבן אָבער געמאכט א גוואלד, אז עס איז זיי צו ווייניק, האָט מען אריינגעפירט די מענטשן אין שול אריין, דערצו נאָך געמוזט כאַפּן פון דער גאס א געוויסע צאָל קרבנות.

3. דער שעף פון טארנאָפּאָלער געשטאפּאָ מילער זאָל האָבן ביים אָפּ־פאָרן א זאָג געטאָן צום יודענראט: „אין 6 וואָכן קאָממען וויר ווידער!" אויב אזוי, איז עס געווען דער אָנזאָג צו דער גרויסער שחיטה אונטערן נאָמען: „די ווילדע אקציע".

## דער יישוב וואָס וואקסט אונטער דער ערד...

אין שטעטל האָט געהערשט א נעדריקטע שטימונג. מען האָט זיך גע־שראָקן פאר א נייעם אומגליק, וואָס קען אָנקומען מיט יעדן טאָג.

די סקאלאטער באפעלקערונג האָט שוין געהאט ידיעות וועגן דער לעמ־בערגער אויסזידלונגס־אקציע מיט 50.000 קרבנות; אויך וועגן אנדערע שטעט ווי טארנאָפּאָל, מיקולינצע, טרעמבאָוולע און משאָרטקאָוו, ווו עס זיינען שוין דאן אויך פאָרגעקומען „אקציעס" און שחיטות. יעדער האָט אליין געקלערט, ווי אזוי ראטעוועט מען זיך און די נאענטסטע אין פאל פון אן אקציע, וואָס קומט אומפארמיידלעך. אויף וויפל נאָר עס איז מינלעך, מוז מען דאָך זיין דערצו גרייט. ווי אנדערשוווּ איז אויך אין סקאלאט געוואָרן א מאסן־פּסיכאָז צו מאכן זיך באַהעלטעניש, די אזוי גערופענע בונקערס. אלע יידן זיינען געוואָרן בוימייסטערס, אינזשעניערן. טאָג און נאכט האָבן יידן געמאכט פּלענער, פאנ־טאסטישע און קאָפּ־ברעכערישע, כדי די באהעלטענישן זאָלן זיין גיט אויפפאליק און גוט מאסקירט. אונטער די פּאָדלאָגעס, אין די קעלערס, אין די גערטנער, אונטער דער ערד האָט זיך געבויט אן אונטערערדישע וועלט: טונעלן און געשלענ־גלטע אונטערערדישע גענג האָבן זיך אויסגעשפרייט אין צעוואָרפענע נעצן אויף ווייטע שטחים אין דער לענג, אין דער ברייט און אין דער טיף. מאנכע אזעלכע בא־העלטענישן זיינען געווען באמת מייסטערווערק פון דער בויקונסט. עס זיינען גע־ווען, למשל, בונקערס געבויטע פון 10 ביז 15 מט"ר טיף. אונטער דער ערד. מיט די נייטיקסטע איינריכטונגען, ווי לופט־ווענטילאטאָרן, וואסער־פארזאָרגונג, א קלאָזעט, נעמויערטע שפּייז־רעזערוואַרן א"אנד. די נויט האָט אויפגעוועקט נייע טאלאַנטן אויפן נעביט פון דער בויקונסט. צענדליקער אזוינע ספּעציא־ליסטן האָבן גאנץ פּשוט געצויגן דערפון חיונה. אזא מין אינזשעניער איז אליין גלייכצייטיק אָבער געווען אויך דער בעל־מלאכה, דער מויערער און אויך דער שווארצארבעטער. זיי האָבן געבויט די בונקערס, מיינסטנס, ביי די פארמעגלע־כערע באלעבאטים און באקומען הויכע באלוינונגען. זאמד, קאלך, צינל, ברעטער

און אנדערע בוי־מאַטעריאַלן איז געוואָרן א יקר המציאות. עס האָט געבליט דער האַנדל מיט די אַרטיקלען, און די פּרייזן זיינען געגאַנגען אין דער הייך. גרויסע שוועריקייטן האָבן די יידן געהאַט מיט דער ערד, וואָס מען האָט אַרויסגעגראָבן פון די טיפענישן און וואָס האָט ניט איינמאָל פאַרראַטן, אז ערגעץ נאָענט געפינט זיך א באהעלטעניש. ווו האָבן די יידן געזאָלט אהינטאָן די וואַגאָנעס אויסגעגראָבענע ערד? די אַרבעטן פלעגן אָפּגעטאָן ווערן אין די נעכט, און ווען מען איז אויפגעשטאַנען אין דער פרי, האָבן די בערגלעך פרישע ערד שוין באַלד יעדן דערציילט, אז עס איז אין דער נאַכט געבוירן געוואָרן דערביי פרישע בונקערס. כדי אָבער צו פאַרווישן די שפּורן פון פאַרדאַכט, פלעגט מען אין די ווייטערדיקע נעכט אומדערמידלעך טראָגן די ערד, אין קוישן אָדער אין זעק, וואָס ווייטער, הינטער דער שטאָט.

אויך די מיטגלידער פון יודענראַט מיט זייערע מישפּחות האָבן איינגעזען, אז אויך פאַר זיי איז די סכנה גרויס. אין אַנדערע שטעט האָט מען שוין געהאַט אויפגעהאָנגען פיל מיטגלידער פון יודענראַט פאַרן ניט ריכטיקן אויספירן די דייטשע באַפעלן. איז דאָך די לאַגע אויסזיכטסלאָז און מען מוז זיין צוגעגרייט „אויף ווי א זאַך מאַכט זיך". צוליב דעם וואָס זיי האָבן אַלע געהאַט פיל געלט, האָבן זיי זיך געבויט ממש פעסטונגען, פּתום און רעמסס, מיט פאַרשיידענע באַקוועמלעכקייטן און מיט מאַגאַזינען פול מיט פּראָוויאַנט און געטראַנקען.

יעדעס הייזל און יעדע וווינונג איז געווען איבערבאַפעלקערט. צוליב דער ענגשאַפט איז געוואַקסן דאָס אומריינלעכקייט און דער שמוץ. אויך האָבן די כינים שטאַרק דערקוטשעט. דער שטראָם צוגערייזטע פון די אַרומיקע שטעט און דערפער האָט נאָך מער פאַרגרעסערט די וווינונגס־נויט און געמאַכט די לעבנס־באַדינגונגען נאָך שווערער. אין אָנהייב האָט מען אהער געשטראָמט פון אומעטום, ווייל עס האָט געהייסן, אז אין סקאַלאַט איז צום בעסטן, בערך פיל רואיקער.

אין די נעכט האָבן די יידן ביי זייערע וווינונגען אַרויסגעשטעלט וואַכן, וואָס האָבן אָן אויפהער געהיט, צי קומט עפּעס אין שטאָט ניט פאָר. יעדער שאָס, יעדער צופעליקער גערודער, דאָס בילן פון א הונט, אָדער אפילו א געשטאַמל פון א שיכור ערגעץ ווו, איז געווען גענוג אויף אויפצוטרייסלען און שטעלן אויף די פיס דאָס גאַנצע הויז. יעדער מינדנסטער שאָרך האָט צערודערט די נעמיטער. מען איז געשלאָפן אין אָנגעטועכץ, כדי תמיד צו זיין אין גרייטשאַפט, טאָמער דאַרף מען לויפן. א סך מענטשן זיינען געשלאָפן אין די בונקערס, אָדער גע־

גאנגען שלאָפן צו קריסטן, אָדער גאָר ערגעץ אין די פעלדער. אזוי זיינען נעגאנגען די טעג אין הוילער שרעק, האלטנדיק תמיד די נשמה אין די הענט.

די מורא האָט זיך נאָך מער פארשטארקט ווען מען איז געוווּיר געוואָרן, אז די טארנאָפּאָלער געשטאפּאָ האָט ארויסגעלאָזט א באפעל צו די ארומיקע שטעט און שטעטלעך, אז זיי מוזן ווערן „יודענריין"; די יידן מוזן פארלאָזן זייערע וווינערטער און קומען קיין סקאלאט. דער ענדגילטיקער טערמין האָט געזאָלט זיין דעם 15טן אָקטאָבער 1942. די יידן האָבן זיך דאָס אויסגעלייגט פאר א שלעכטן סימן, ווי אן אָנזאָג אז אין די נאָענטסטע טעג דארף עפּעס פּאָרקומען. די דייטשן, הייסט עס, רופן צונויף קיין סקאלאט דעם „יידישן אָדפּוסט", דעם גרויסן יאָר־מארק, ווי מאנכע האָבן עס שפּאסיק אָנגערופן, כדי צו האָבן דאָ דעם גאנצן עולם אויפן „שחיטה־מארק".

גאנצע צוויי וואָכן האָבן זיך קיין סקאלאט געצויגן קאראוואנעס גע־ונדני־קעס. אויף אלע וועגן האָבן זיך געשלעפּט פערד און וועגעלעך, מיט הויך אויפגע־טורעמטע פּעק, שטובזאכן און אנדערע בעבעכעס. נאָך די שווער באלאָדענע וועגע־נער זיינען נאָכגעגאנגען פוסגייערס פארשוויצטע, פארשטויבטע און אויסגעמא־טערטע. אין די לעצטע טעג, פארן דערגענטערן זיך פון טערמין, האָט די וואנדע־רונג דערגרייכט איר הויכפּונקט און דער אָנבליק פון די קאראוואנעס איז געווען שרעקלעך.

עס זיינען דעמאָלט אָנגעקומען קיין סקאלאט אן ערך פיר טויזנט יידן פון גזשימאלאָוו, פּאָדוואָלאָטשיסק און פון די ארומיקע דערפער, אלץ אלט איינגע־זעסענע תושבים, ארויסגעשטויסענע פון זייערע היימען. די ענגשאפט און ווי־נונגס־נויט איז געווען ניט צו דערטראָגן. מענטשן האָבן זיך ממש געוואלגערט אויף די גאסן. די מער פארמעגלעכע פון די צוגערייזטע יידן האָבן זיך געדונגען דירות ביי די קריסטן און אָפּגעצאָלט דערפאר גוואלדיקע סומעס. א גרויסער טייל האָט זיך איינגעקווארטירט ביי קרובים, אָדער ביי סתם־יידן, וואָס האָבן געוואָלט העלפן מענטשן אין אזא עת צרה. אין די קליינע שטיבלעך האָבן געוווינט צו 12 ביז 18 מענטשן, איינגעפּרעסט ווי די הערינג. הונדערטער יידן האָבן זיך געמאכט דירות אין די געוועלבער פון באזאר, וואָס זיינען איצט געשטאנען ליידיקע, צע־ראבירטע און חרובע נאָך פון ערשטן פּאָגראָם. פיל האָבן אויך געוווינט אין שול, אין בית־המדרש און אין די קלויזן.

פון אזא פלוצעמדיקן צופלוס פון טויזנטער מענטשן האָט זיך דאָס אויס־
ווען פונעם שטעטל פארענדערט; געווען ניט צו דערקענען. דער הונגער און די נויט
האָט געבושעוועט, שווער געווען צו פארזאָרגן מיט שפייז אזא גרויסן עולם. דער
יקרות איז געוואקסן צוזאמען מיטן שווארצהאנדל. עס האָבן זיך פארשפרייט
קראנקהייטן, און אויך איז די שטערבלעכקייט געשטיגן. ניט געווען קיין איין טאָג
אָן מערערע טויטפאלן.

יידן בעלי רחמים, מער פארמעגלעכע, האָבן פיל געהאָלפן צו פארקלענערן
די נויט. צווישן א סך אנדערע דאַרף דערמאָנט ווערן טענענבוים ז"ל, וואָס האָט גע־
האָלפן די אָרעמע מיט ברייטער האנט און ממש טיט מסירת נפש. עס ווערט פיל
נאָכדערציילט וועגן זיין איידלקייט און מעשים טובים. קיפּוטשיניצער חסידים פלעגן
אויך ניט פארגעסן אָן זייער רבין, און שיקן קיין טארנאָפּאָל פעקלעך שפייז און
געלט פאר זיין אײדעם.

די פאניק, קאָשמאר און שרעק האָבן געטאָן זייערס. אין מיטן אָקטאבער
1942, איז נאָך אומערגעקומען א פאראָרדענונג צו מאכן א געטאָ. אין עטלעכע
געסלעך צווישן מארק און שול האָבן זיך די אלע יידן געמוזט אריינפּרעסן!..

דער יודענראט האָט געהאט פולע הענט מיט ארבעט, אָבער ניט געקענט
זיך קיין עצה געבן צום ניי געשאפענעם מצב. די מיטגלידער פונעם יודענראט האָבן
געהאלטן אין איין באראטן זיך, דער עיקר טאקע וועגן א נייער קאטאסטראָפע,
וואָס איר נאָענטער אָנקום האָט זיך שוין ממש געשפּירט.

**„וואָס טוט מען?" — אָט די פראגע האָט געעקבערט יעדן איינעם און ניט
געגעבן קיין רו. „וואָס טוט מען, — און וואָס קען מען טאָן?" —**

## „יידן, ניט געזאָרגט" . . .

אין איינעם א טאָג איז פאָרגעקומען א דרינגלעכע זיצונג פון יודענראַט נאָך לאַנגע דיסקוסיעס און חילוקי דעות האָבן זיך ארויסגעשטעלט צוויי מיינונ־גען, צוויי ריכטונגען. אייניקע ראַטמענער, די מער ערלעכע און געוויסנהאַפטע האָבן נעטענהט, אז מען זאָל איבערלאָזן דעם נאָגג פון די נעשעעענישן דעם גורל אליין. ווי גאָט וועט פירן, אזוי זאָל זיין; יידן אליין דאַרפן אָבער ניט אָנטייל נעמען אין דער אקציע. זאָל זיך יעדער באַהאַלטן, אויב ער קען נאָך; קיין אנדער ברירה האָבן מיר ניט. למען האמת מוז דערמאָנט ווערן. אז עס האָבן זיך געפונען צווישן די ראַטמענער מענטשן, — ווי ד"ר קראָן, ד"ר בערקאָוויטש, יעקב שאַרף — וואָס האָבן ניט געקענט צוקוקן צו די שענדלעכע מעשים פון דער מערהייט פון יודענ־ראַט און יעדעס מאָל ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין לעבנסוויכטיקע ענינים, האָבן זיי זיך אנטקעגן געשטעלט דער מערהייט. ביים אָנהייב האָט קיינער פון זיי זיך ניט פאָרגעשטעלט, אז מען וועט מאַכן דעם יודענראַט פאר א נעצייג אין די הענט פון די דייטשן. נאָר אזוי ווי מען האָט שוין געשטעקט אין דער טומאה, האָבן זיי זיך געראַנגלט מיט די לעצטע כוחות; ארויסרייסן זיך אָבער אין גאַנצן פון דער שלאַנגען־נעסט האָבן זיי שוין אפנים ניט געקענט. עס האָט זיך יעדן געדאַכט, אז דעם יודענראַט דראָט ניט אזא געפאר, און דער יצר־הרע האָט געלאָקט נאָך א ביסל לעבן. אין אָנבליק פון טויט־סכנה ממש איז ניט אזוי לייכט צו אויסמיידן א שטרויכל, הגם דאָס גיט נאָך ניט קיין באַרעכטיקונג פאר אזוינע באַגאַנגענע חטאים.

די אזוי גערופענע אָפּאָזיציע האָט פאר קיין פאַל ניט געוואָלט דערלאָזן צום איבערחזרן די מעטאָדן, וואָס דער יודענראַט האָט אָנגעווענדט ביים דורכ־פירן די אקציע פונעם „לעבעדיקן קאָנטינגענט". ניט נאָר אליין דורכפירן אן אק־ציע, מיר טאָרן ניט אפילו מיטהעלפן מיטן מינדסטן די דייטשן — האָבן זיי גע־

טענהט. „באהאלטן זיך און לויפן ווי די אויגן טראָגן, איז דער געבאָט פון דער טרויעריקער שעה"—איז געווען זייער מיינונג.

דער אנדערער צד איז געשטאנען אויף א גאָר אנדערן שטאנדפונקט. לייזער שיינבערג מיט זיינע אָנהענגער האָבן קאטעגאָריש געפאָדערט, אז מען זאָל לויטן מוסטער פון דער לעצטער אקציע אויסשפּילן בייזער דער דייטשער מאכט, אז אויך אויף להבא זאָל דער יודענראט ביי אן אקציע קענען אליין צושטעלן דעם געפאָדערטן קאָנטינגענט, און אזוי ארום אָפּראטעווען לכל הפּחות זיך אליין, די אייגענע מישפּחות, די קרובים און נאָך אסך ייגנערע און נוצלעכערע מענטשן. דערפאר מוז דער יודענראט ווידער אמאָל זיך געבן די מי צו שאפן א גרויסן סכום געלט. ראט-מאן שיינבערג האָט דערביי פארזיכערט, אז אין פאל ווען די דייטשן וועלן געבן זייער הסכמה אויף א קאָנטינגענט פון, למשל, 2000 מענטשן, נעמט ער זיך אונ-טער אליין צוצושטעלן 1000. „מענטשן האָבן מיר דאָך גענוג" — האָט ער גע-טענהט. — „מיר דארפן נאָר גיט נעמען אונדזערע אייגענע, די היגע, ווען אין שטעטל וואלגערן זיך אזויפיל אָנגעפאָרענע שלעפערס; זיי ליגן דאָך אויפן באזאר און שטארבן פון הונגער!"

נאָך א שטורמישער דעבאטע איז אָט דער פאָרשלאָג אָנגענומען געוואָרן. מער ווי א העלפט ראטמענער האָבן געשטימט פאר אים.

דער יודענראט איז טאקע באלד צוגעטראָטן צו א פארשטארקטער אר-בעט. מען האָט גענומען באשטייערן די פארמעגלעכערע באלעבאטים מיט גרויסע סכומים געלט; ראטמענער זיינען ארומגעגאנגען פון שטוב צו שטוב צו זאמלען גאָלד און ווערטפולע חפצים. זיי האָבן אויך גערופן פארשטייערס פון די צוגע-רייזטע יידן, וואָס האָבן באדארפט צווישן זיך צונויפזאמלען גרויסע סכומים פאר ראטעווען דעם כלל. אין אָנבליק פון דער סכנה האָבן יידן שוין נאָר גיט געקארגט. עס האָט געדעגנט מיט געלט פון אלע זייטן. אפשר וועט פאָרט געלינגען מבטל צו מאכן די גזירה!

די דעלעגאטן — גירלער, שיינבערג, צימער און לעמפּערט — זיינען אָפּ-געפאָרן קיין טארנאָפּאָל. דאָרט האָבן זיי זיך ראשית כל געטראָפן מיטן יידישן „מאכער", וואָס פארבינדט זיי מיט געשטאפּאָ. ער האָט זיי גענוי אינפאָרמירט ווי דער מצב זעט אויס. „עס איז שלעכט — האָט ער געזאָגט — אין די גאָענטסטע טעג דארף ביי אייך פאָרקומען אן אקציע. נאָר אויב איר האָט דעם געהעריקן

פאַרשלאָג, מאָ פרוווט נײַן צום אָבערשטורמפירער מילער, אפשר וועט איר עפּעס קענען אויפטאָן." און די דעלעגאַציע איז געגאַנגען.

אויסהערנדיק די רייד פון דער דעלעגאַציע וועגן ווידער פעסטשטעלן פאַר סקאַלאַט א קאָנטינגענט, און זיי, די יידן אַליין, וועלן שוין דורכפירן די אקציע בײַ א פּוילער נאַראַנטיע פון זייער זייט, — האָט אָבערשטורמפירער מילער אויס־געגלאָצט א פּאָר אויגן און א זאָג געטאָן: „וואַאַס?" און דאַן האָט ער גע־נומען ריידן געלאַסענער: „וואָס פאַלט אײַך עפּעס מיט אַמאָל אײַן, אַז בײַ אײַך דאַרף וואָס פאָרקומען? וועגן סקאַלאַט איז דערווײַל נאָך ניט אַקטועל. קומט צו מיר אין א פּאָר וואָכן אַרום, וועלן מיר נאָך וועגן דעם ריידן. איצט קענט איר גאַנץ רואיק א היים פאָרן, בארואיקט דאָרט דעם עולם. צו וואָס זיך סתם דענערווירן, ווען אַלץ איז אין בעסטן אָרדענונג? גאָר ניט זאָרגן!".

בײַ אַזוינע באַגעגענישן זײַנען די עסקנים געווען געוווינט אַרײַנצוכאַפּן די אמתע בייטשן איבערן קאָפּ מיט א צוגאָב פון די ערגסטע זידלווערטער. און הײַנט גאָר איז ער געווען אַזוי גוט, מילער, ווי א לעמעלע. „אונדזער מתנה האָט אים ווייך געמאַכט דאָס האַרץ", האָט איינער געזאָגט, און די אַנדערע האָבן זיך גע־ראַנגלט מיט טרויעריקע געדאַנקען, פול מיט צווייפל און פאַרלוירנקייט. זיי אַלע האָבן אָבער דאָך געוואָלט גלייבן אין א גוטן סימן. — עס לאָזט זיך ניט זײַן קיין חכם.

די דעלעגאַטן האָבן זיך געקליבן אין וועג אַרײַן. „וואָס זאָגט מען דעם עולם אין שטעטל?" — האָט זיי געעקבערט אין מוח. „אײַנגעטלעד וואָס האָבן מיר אייפגעטאָן?" — האָבן זיי זיך געפרעגט. אין זייערע אויערן האָבן נאָך אַלץ גע־קלונגען פון מילערס ווערטער: „עס איטט אַללעס אין בעסטער אָרדנונג, נור ניכט זאָרגען". איז עס א שלעכטע בשורה פאַר א שטעטל? אַזעלכענע ווערטער דאַרפן טאַקע בארואיקן די צעשרויפטע נערוון און געמיטער! —

אין די פאַרנאַכטיקע שעהן, ווען די דעלעגאַציע האָט באַדאַרפט אָנקומען פון טאַרנאָפּאָל, זײַנען הונדערטער יידן אַנטקעגן געגאַנגען וויט אונטער דער שטאָט. אַרויסגעקוקט מיט אומגעדולד אויף די שלוחים, וואָס טראָגן אין זייערע הענט דעם אורטייל אויפן שטעטל. צוליב באַזונדערע גוטע ידיעות פון פראָגט איז דער עולם דעם טאָג געווען אָפּטימיסטיש געשטימט, און פאַרוואָס זאָל מען טאַקע

קלערן נאָכאנאנד אויף שלעכט — האָבן זיך מענטשן געזאָגט — ווען אויך דאָס גוטע קען אומגעריכט קומען? אגב האָט זיך עפּעס א מיידל געהלומט, ווי אַן עדה יידן, אָנגעטאָן אין טליתים, האָבן געדאַוונט אין שול, און א זקן וואָס איז געשטאַנען אויפֿן בעלעמער האָט געבלאָזן שופר און דערנאָך מבשר געווען דעם עולם, אז י"א חשון קומט די ישועה. — דאָס פאלט דאָך אוים מאָרגן!.. קען טאקע זיין אויך דער אָנהייב פון דער ישועה היינט, מיט דער גוטער בשורה וואָס די דעלעגאטן וועלן באלד ברענגען. — יידן, די דעלעגאציע פאָרט!..

קוים דערלעבט די מינוט. מען האָט איינגעהאלטן דעם פערד און וואָגן, און הונדערטער יידן האָבן ארומגערינגלט די אָנגעקומענע דעלעגאציע. מיט פאַרבאַפּטן אָטעם און גרוים פרייד האָט מען אויסגעהערט דעם באריכט. די דעלעגאציע האָט פייערלעך איבערגעגעבן וואָרט אין וואָרט די דערקלערונג פונעם מאַרגאָפּאָלער געשטאַפּאָ-שעף: „ניט געזאָרגט, דערווייל וועט אין שטעטל גאָרניט פאַרקומען". דערנאָך האָבן די שלוחים אליין צוגעגעבן פון זיך: „בארואיקט אייך איצט, יידן; טרייבט אוועק די מורא פון זיך; פארשפרייט ניט קיין פאניק; איר זעט דאָך אליין, אז מיר טוען אלץ פאר אייערטוועגן. מיר דערווארטן דערפאר פון אייך פארשטענדעניש און מיטהילף ביי היינטיקן טאָג!"

די גוטע בשורה האָט אין דער ערשטער מינוט געווירקט ווי א היילונג אויף די צעשרויפטע געמיטער. מיטן דערנענטערן זיך אָבער פונעם אָוונט האָט מען זיך ווידער אויסגעניכטערט. די מורא פאר דער נאכט האָט ווידער א מאָל אויפגעוועקט דעם נאָגנדיקן אומרו: די וואכן האָבן ווידער דעזשורירט ווי ביז אהער, און געשלאָפן איז מען האלב אָנגעטאָן, אבי ערגעץ אָנגעשפּארט די מידע גלידער. צו אזא געפּלאָגט לעבן האָבן מענטשן זיך שוין צוגעוווינט. א טייל צעשראָקענע מענטשן פלעגן אין די אָוונטן זיך פארגנבענען אונטער די פענצטער פון די ראטמענער און שפּיאָנירן, צי געפינען זיי זיך אין זייערע היימען. ווען יע, איז דאָס געווען דער בעסטער סימן, אז די נאכט וועט מסתמא זיין רואיק. וואָלט באמת אויסגעקוקט שלעכט, וואָלטן זיי דאָך ניט געשלאָפן אין זייערע וווינונגען. ווער דען קען עס אלץ וויסן אויב ניט א יודענראט? —

דער איבערוועגנדיקסטער טייל פון סקאלאט איז די נאכט געגאנגען שלאָפן דאָך מיט א מער זיכערן געפיל, און טאקע צו זיך אין די הייזער. נאָך אלעמען איז טאקע ניט פון די אנגענעמע זאכן צו זוכן יעדעס מאָל א געלעגער ביי קריסטן,

אָדער סתם ארומוואנדלען נעכט גאנצע. בשעת א סכנה מוז מען טאקע, אָבער ניט היינט, ווען די דעלעגאציע האָט געבראכט אזא גוטע בשורה. אנדערע ווידער האָבן זיך אויך די נאכט באהאלטן. וואָס זיכער — איז דאָך זיכער. און לעבן האָט זיך געוואָלט!

---

אָבערשטורמפירער מילער מיט זיינע געהילפן האָבן ווייזט אוים, פארשטאנען, אז דווקא די היינטיקע נאכט וועט זיין די גאָר פאסיקע אויף דורכצופירן אין סקאלאט די אקציע. דער דעלעגאציע האָט מען דאָך געגעבן אזוינע גוטע פארזיכערונגען, די יידן זיינען געווים בארואיקט. וועט אן אומפארהאָפטער ארייגפאל זיכער ברענגען די גוטע רעזולטאטן.

„צוויי א זייגער אין דער נאכט דארפן אלע זיין גרייט צום אָפפאָר קיין סקאלאט" — איז געפאלן דער באפעל.

# די „ווילדע אקציע"

י' און י"א חשון תש"ג, דעם 21סטן און 22סטן אָקטאָבער 1942, האָט זיך אין סקאלאט אָפּגעשפּילט די בלוטיקע דראמע, וואָס די יידן האָבן איר א נאָמען געגעבן „ווילדע אקציע", צוליב דער ווילדקייט און גרויזאמקייט וואָס די אכזרים האָבן באוויזן ביים דורכפירן די „אויסזידלונג" אין די דערמאָנטע טעג.

פונקט 4 א זייגער אין דער נאכט זיינען אָנגעקומען קיין סקאלאט 5 פול גע-פּאקטע אויטאָבוסן מיט ס"ס, באוואָפנט ביז די ציין און מיט העלמען אויף די קעפּ. זיי האָבן קודם כל באלאגערט די שטאָט, אָבער זיך רואיק פארהאלטן ביזן גרויען פארטאָג. דריי שאָסן האָבן געגעבן א סיגנאל—אָנהייבן די אקציע! באלד האָבן זיך דערהערט די ווילדע געשרייען און אן אומפארשטענדלעך שווארגאָטשען פון די גרופּן-פירערס און באפעל-געבערס. זיי זיינען געשטאנען אין פולער קריגס-גרייט-שאפט, אויסגעשטעלט דאָ און דאָרט אין גרופּעס, סטראטעגיש, פּלאנמעסיק, מעשה מאנעווער פאר אן אָנגריף אויפן שונא. א קלייניקייט, די יידן אין סקאלאט, זייערע פרויען און קינדער, וואָס זיי אלע באדראָען דעם דייטשן רייך און זיינען די הויפּטשולדיקע אין דער וועלט-מלחמה!..

„ל אָ אָ ס"! ניעמאנד דארף ענטרינגען, וואן זיע לאופען, איזט נור שיעס-סען, שיעססען, שיעססען!..

אלע קעמפּערס האָבן נאָך פריער באקומען אויסגעטיילט ראציאָנען אלקאָ-האָל. דאָס פלעגן זיי באקומען פאר יעדער שחיטה, ווייל דאן דערגרייכט מען בע-סערע רעזולטאטן, און די „ארבעט" אליין גייט דעמאָלט פלינקער, דרייסטער ,וויל-דער...

די אוקראינישע מיליץ, מיטן קאָמענדאנט בראש, זיינען געשטאנען אין דער זייט, אויסגעשטעלט אין צוויי לאנגע שורות, און שוין געוואַרט אויף די באפעלן פון אָבערשטורמפירער, ער האט זיי צוגעטיילט צו די דייטשע ס"ס, צו 2—3 מאן צו יעדער גרופּע.

— כלאַפּצי, ארבעט געטריי, פאַרן ווייל פון אונדזער אוקראַינע און פאַר דער גרויסקייט פון דריטן רייך, האָט דער קאָמענדאַנט אויסגערופן, און זיך גענומען מיט זיינע כלאַפּצעס צו דער ארבעט.

דאָס שיסעריי און דער געטומל האָט דערווייל אויפגעוועקט דאָס שטעטל פון שלאָף. די מענטשן האָבן באַלד דערזען דאָס אומגליק פאַר די אויגן. די מהומה און פאַרצווייפלונג איז געווען גרויס. מען איז אומגעלאָפן דערשראָקן און פאַר־לוירן, — ווו באַהאַלט מען זיך? וווּ לויפט מען? ניט אַלע יידן האָבן געהאַט בונ־קערס ביי זיך אין די קעלערס; האָט מען געמוזט לויפן צו די שכנים אין די בשות־פותדיקע באַהעלטענישן. און דאָ איז שוין שפּעט. די דייטשן הוליען אויף די גאַסן. די ניט היגע יידן, מייסטנס פון די צוגערייזטע, האָבן לחלוטין ניט געהאַט קיין בונ־קערס. יידן האָבן געפרוווט לויפן; אפשר וועט זיך פאַרט איינגעבן ארויסצורייסן זיך פון רינג, זיך אריינבאַקומען אויף דער ארישער זייט, אָדער ערגעץ אין די פעלדער. עס איז שוין ניט געווען וואָס צום פאַרלירן; יעדער האָט קלאָר געזען אין וועלכער קלעם מען געפינט זיך. — אין די געסלעך, צווישן די הייזלעך, זיינען מיט אַ מאָל אויסגעוואַקסן גאַנצע מהנות דייטשן און אוקראַינער מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן. פון אַלע זייטן, ביי אַלע ווענט, האָבן זיי אָנגענומען שטעלונג, ווי סטראַטעגישע פּאָ־זיציעס. באַלד האָבן געהילכט כסדרדיקע שאָסן. ווילדע געשרייען פון דייטשן, אַ גע־וויין פון קינדער, דאָס קרעכצן און האָיען פון פאַרוווּנדעטע — דאָס אַלץ האָבן גע־שאַפן אַ מוראדיקן געטומל. אנגרערע יידן האָבן נאָך געפרוווט לויפן, און די סאָל־דאַטן האָבן געשאָסן אָן אויפהער. די צאָל פון די טויטע איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט. שוין ביים אָנהייב פון דער שחיטה זיינען געפאַלן איבער הונדערט טויטע, וואָס זיינען געבליבן ליגן צעשפּרייט איבער די אַלע געסלעך אין צענטער און ארום שטאָט. אַ גאָר קליינע צאָל איז געלונגען ארויסצורייסן זיך פונעם באַלאַגערונגס־קאָרדאָן.

ווען דאָס פאַרצווייפלטע לויפן פון יחידים האָט אויפגעהערט, האָט זיך איינ־געשטילט די שיסעריי. די הענקערס האָבן זיך איצט צעווילדעוועטע געלאָזן איבער די יידישע הייזלעך כאַפּן די קרבנות. יידן האָבן זיך באַהאַלטן ווו עס איז נאָר געווען מעגלעך: דער גרעסטער טייל אָבער, ניט האָבנדיק ווו צום ניין און שפּירנדיק די אויסזיכטסלאָזיקייט, איז געבליבן הילפסלאָז אויף די ערטער. זיי האָבן זיך אונטער־געגעבן פאַר דער גרויזאַמקייט פון גורל.

נאָך דעם ערשטן בלוטיקן פּראָלאָג מיט די קרוב 150 קרבנות זיינען די רוצ־חים באַלד צוגעטראָטן צו דער עיקר אַרבעט. פון די געוועלבער, פונעם באַזאַר, פון די בתי־מדרשים און קלויזן האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט הונדערטער יידן און גרופּעס־ווייז זיי געפירט אין שול אַריין, אין וועלכער עס האָבן זיך שוין פון פריער געפונען אין זייערע הענט אייניקע הונדערט יידן. פון די שטיבער, פון די בוידעמער, פון די קעלערס, פון אונטער די בעטן, פון די שראַנקען, פון די פּראָוויזאָרישע באַהעלטע־נישן און פון די אַלע אַנדערע מויזן־לעכער האָבן זיי געשלעפּט די קרבנות. אונטער קללות און געשרייען, אונטער אַ האָגל פון ביימשן און ביקסן־קאָלבעס האָט מען גע־פירט די אומגליקלעכע צו דער זאַמלשטעלע.

איין פרוי, מאַנקאַ בערנהויט, ווערנדיק געטריבן צום זאַמלפּלאַץ, האָט מיט שטאַרקע ווערטער באַליידיקט היטלערן מיט זיין „הערנפאָלק". דער דייטש, וואָס האָט זי געפירט, האָט ניט געקענט פאַרטראָגן די זילזולים. ער האָט זיך געכאַפּט צום ברויניגנג, נאָך דעם האָט ער אויך אין איר אַריינגעשאָסן, ווען זי איז אים באַ־פאַלן מיט די פויסטן אין פּנים אַריין.

דערווייל האָט זיך דער אָבערשטורמפירער מילער צונויפגערעדט מיט די עסקנים פון יודענראַט און מיט דעם קאָמענדאַנט פון יידישן אָרדענונגס־דינסט, ד"ר יוסף בריף, אַז זיי זאָלן נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַקציע. ער האָט זיי פייערלעך פאַרשפּראָכן, אַז זיי מיט זייערע משפּחות וועלן געשוינט ווערן. — די יידישע מיליץ און יחידים פונעם יודענראַט האָבן זיך באַלד געוואָרפן צו דער אַר־בעט. זייער הויפּט־אויפגאַבע איז געווען צו העלפן אַנטדעקן די בונקערס און אַנ־דערע באַהעלטענישן. דערווייל האָבן זיי שוין אויסגעפּועלט ביי מילערן, מען זאָל באַפרייען די מיטגלידער פונעם יודענראַט מיט זייערע משפּחות, וואָס זיינען ביים אָנהייב אַקציע געכאַפּט געוואָרן. און מען האָט זיי טאַקע באַלד אָפּגעלאָזן.

די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען מיט פולער פּאַרע, און שוין ביז 12 אַ זייגער איז די שול געווען געפּאַקט מיט איבער 1000 קרבנות. אָבערשטורמפירער מילער מיט זיין פאַרטרעטער לעקס זיינען געווען פון דער יידישער מיטהילף זייער צופרידן און טאַקע געשוינט די אַלע משפּחה־אָנגעהעריקע פון די ראַטמענער. די יידישע העל־פערס האָבן געהאַלטן, אַז ווי באַלד אַליץ איז פאַרלאָרן, דאַן דאַרף מען לכל־הפּחות ראַטעווען דאָס אייגענע לעבן און די לעבנס פון די נאָענטסטע. דער פּרעזעס נירלער אַליין און אויך דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער מיליץ, אָנגעטאָנענע אין פיינע

רייטהויזן און עלעגאנטע, אויסגענלאנצטע שטיוועלעך — זיי ביידע האָבן ניט גע־
רוט. אין די בלויזע העמדער, מיט פארקאטשעטע ארבעלעך, פארשוויצטע, רויט־
צעפלאמטע און צעיושעטע, מיט רייט־בייטשן אין די הענט, גלייך ווי די דייטשן,
זיינען זיי אומגעלאָפן הענדום־פענדום, אין איינעם מיט די צעווילדעוועטע דייטשן
און אוקראאינישע קיילערס, פון שטוב צו שטוב, פון בוידעם צו בוידעם, פון קעלער
צו קעלער, געשלעפט, געריסן, געשלאָגן, געשריען, ווי די ווילדע חיות, — ניט ערגער
ווי זייערע גוטע לערערס...

עס איז כאראקטעריסטיש, וואָס די דייטשן, זייענדיק ממש ווירטואָזן אין
אכזריותן און ברוטאלקייט, זיינען זיי אָבער אויך אין דער זעלבער צייט גאָר גרויסע
פחדנים. זיי האָבן מורא געהאט אפילו פאר א קינד, טאָמער קען עס אוים נקמה
אויסדראפּען די אויגן. ווי נאָר עס פלעגט אויסקומען א דייטש צו קריכן ערגעץ אין א
לאָך, אין א קעלער, אָדער אויף א בוידעם, האָט ער געשיקט פאָרויס א יידן, און
אליין בשעת מעשה געציטערט ווי א פיש. און די יידן האָבן טאקע אויסגעפונען,
געשלעפט זייערע איינענע...

היטלער האָט אין אזא קורצער צייט באוויזן צו אָפּטמען פעלקער און גענע־
ראציעס. פון אָט די השפעות און אויפגעצוווּנגענע באדינגונגען זיינען ניט פרוקן
ארוים אויך אנדערע יחידים פון צווישן די יידן. — אין די אָרעמס פון פארברעכן
און געמיינקייט, איבער די הויפּנס מתים, שטופט דער אינסטינקט צו לעבן, ווען
אפילו צו א הינטיש לעבן. „מאיר, מאיר, טו אלץ כדי מיר זאָלן לעבן!“ — האָט
געזאָגט די שווינער צו איר איידעם, דעם טרויעריק בארימטן פרעזעס גירלער, אין
די אזוי טראגישע מינוטן פונעם שטעטל. הייסט עס, כדי צו ראטעווען די אייגענע,
איז רעכט צו טאָן אלץ, אפילו שיקן צום טויט טויזנטער אנדערע. (און די ביידע
צוויי, די שווינער און איר איידעם, לעבן טאקע).

די שול איז שוין געווען פול געפּאקט. אויך אין פּאָליש און אין דער ווייבער־
שער שול איז געווען די ענגשאפט גרויס. די אָנפירערס פון דער אקציע זיינען גע־
ווען געצוווּנגען צו ארויספירן פון דאָרט פיל מענטשן, כדי צו מאכן פּלאץ פאר די
פריש צוגעקומענע, די גיי געכאפטע. אונטער א שטארקער שמירה האָט מען אין
גרופּעס אָנגעהויבן פירן גרויסע טיילן פון די אומגליקלעכע צו דעם פּלאץ אויף דער
לאָנקע לעבן דער באן־סטאנציע. דאָרט איז פון תמיד אן די ערד געווען א פייכטע,
צוליב די זומפּן, וואָס האָבן א מאָל באוואסערט גרויסע שטחים.

שוין אין ערשטן טאָג איז געווען 2000 צונויפגעכאַפּטע יידן. אין שול איז געווען שרעקלעך. אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע פון פּאָליש זיינען געלעגן צעוואָרפענע צענדליקער קינדער אין די וויקעלעך, א טייל מיט זעקלעך און א טייל מיט לייזעכער צונעדעקטע. דאָס וויינען און פּישטשען פון די קליינינקע קינדערלעך האָט ניט אויפגעהערט. עס האָבן עופּעלעך געשריען נאָך די ברוסטן פון זייערע מאמעס. זיי האָבן געציטערט פון קעלט און זיך גערוועז געשליידערט מיט די פיסלעך און הענטלעך. ווער קוקט זיך אויף זיי אום? די אייגענע מאמעס האָבן זיי איבערגעלאָזט אויף גאָטס באראָט אין די ווינונגען און אליין געלאָפן זיך באהאלטן. ווער וואָלט דען אריינגעלאָזט א מאמען מיט א קינד אין בונקער אריין, און ווי איז דען מעגלעך צו לויפן מיט א קינד אויף די הענט? אין דער גרויסער איילעניש און בהלה האָט מען פארגעסן אָן די קליינינקע עופּעלעך . . . אָבער די תליונים האָבן אָן זיי ניט פארגעסן . . . נאָר אויפן אָרט צו זיי געשאָסן אָדער געבראכט זיי אין זעקלעך אין שול צו טראָגן. אין שול נופא איז גרוים געווען די ענגשאַפט. קיינער האָט ניט געטאָרט ארויסגיין, אפילו צום דערליידיקן די מענטשלעכע באדערפעענישן. דאָס שמוץ און נעץ איז געווען גרוים, און דער שלעכטער ריח האָט געשטיקט אין גומען. דאָס האָט אָבער גלייכצייטיק ניט צוריקגעהאלטן דעם עולם פון מתפּלל צו זיין אויפן קול. מענטשן האָבן געשעפּטשעט תפילות, געזאָגט תהילים, און אויך ווידוי. מאָטיע פערעלמוטער האָט געזאָגט מיט א יאָמערדיקן קול „מין המצר“, און קהל האָט אים כאָר נאָכגעזאָגט די פּסוקים. געשרייען און געוויינען פון היסטערישע ווייבער האָבן זיך געטראָגן פון אלע זייטן. דער גרעסטער טייל פון די פארשפּארטע אין שול האָט שוין איבערהויפּט ניט געגלייבט אין דער מעגלעכקייט פון א רעטונג. א סך האָבן טרויעריק געשווינן און געביסן זיך טיף אין די ליפּן. די מער עלטערע קינדער, וואָס זייער צאָל איז דאָ געווען ניט קיין קליינע, האָבן פארשטאנען וואָס דאָ קומט פאָר; זיי האָבן זיך אָבער געהאלטן מוטיק. שטיל, ערנסט און אנטשלאָסן האָבן זיי געטראָגן אין זיך דעם צער און ווייטיק, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען מיט א סך יאָרן עלטער. „מיט וואָס האָבן אָט די יונגע צוויינן געזינדיקט?“ — האָט איינער פון עולם ארויסגעשריען מיט א פראגע. און קיינער האָט דערויף ניט געענטפערט. —

די שול איז פון דרויסן געווען ארומגערינגלט מיט צענדליקער סאָלדאטן. אין שטאָט איז נאָך מיט פולן ברען געגאנגען די אקציע. די לעצטע גרופּעס געכאַפּטע פאַרן טאָג זיינען געבראכט געוואָרן צו דעם פּלאַץ אויף דער לאנקע שוין

אין אָוונט. די צאָל קרבנות, וואָס איז געווען פעסטגעשטעלט פון דער טאָרנאָפּאָלער געשטאַפּאָ, איז נאָך אָבער ניט געווען פאַרפולט. דריי שאָסן איינער נאָכן אַנדערן איז געווען דער סיגנאַל צו דער הפסקה, און חברה ס"ס זיינען געגאַנגען אַביסל זיך משמח זיין צום יודענראַט, צו דער אָנגעגרייטער סעודה דאָרט. ליקער און בראַנפן, וויין און אייער־קאָניאַק האָבן זיך געגאָסן ווי וואַסער. געווען אויך געבראָטנס און מאַרינאַטן, געבעקסן און טאָרטן. עס האָבן אויך ניט געפעלט קיין שיינע מיידלעך. די סאַרווערס פון יודענראַט האָבן זיך געפּאָרעט ביי די רייך געדעקטע טישן און הכנעהדיק אַרומגעטאַנצט ביי די געסט, ווי אַרום מאָנאַרכן. עס האָבן פרייליכע געלעכטערס געשאַלט, די מוזיק האָט געשפּילט און די נאַכט איז דורכגעגאַנגען אין געזאַנג, טאַנץ און פרייד. — אין דערזעלבער צייט האבן געשמאַכט 2000 מענטשן אין דער פול געפּאַקטער שול אין דער היץ, און ביי דער באַן, אויף דער לאָנקע, — אין דער קעלט. —

דעם צווייטן טאָג, דאָנערשטיק, 22. 10. 42, איז צוגעגאַנגען פיל שווערער דאָס כאַפּן. דאָך האָט מען די נאָך „נייטיקע" 1000 קרבנות מיט אַן עודף צונויפגעבראַכט. אין דעם טאָג האָט מען אויפגעדעקט צענדליקער בונקערס, אַנדערע אויך מיט 60 ביז 70 באַהאַלטענע מענטשן.

אויף דער לאָנקע ביים באַן־פּלאַץ, וווהין מען האָט געהאַלטן אין איין פירן די קרבנות, האָבן זיך אָפּגעשפּילט שוידערלעכע סצענעס. אַלע האָבן געמוזט זיצן אין א קניענדיקער פּאָזע. טאָמער האָט זיך עמעצער א ריר געטאָן פון אָרט, האָבן די אוקראַינישע היטלערס מוראַדיק געשלאָגן. עס האָבן געשמאַרצט די אברים, און די פיס זיינען געווען פאַרשטאַרט ווי די קלעצער. דאָס געוויין פון קינדער און פרויען האָט געלעכערט די אויערן. אין סאַמע מיטן פון ריזיקן פּלאַץ זיינען געלעגן צעוואָרפן צענדליקער קליינינקע קינדערלעך, שרייענדיקע און בעטנדיקע. דאָס וועטער איז געווען האַרבסטיק; טריב און קאַלט. די נאַכט איז באַלד צוגעפאַלן פינצטער און שווער. פון אַלע זייטן האָבן אויפגעפלאַקערט שייטערן, וואָס האָבן באַלויכטן דאָס שרעקלעכע בילד. די אוקראַינער האָבן עס געמאַכט די פייערן אויף צו וואַרעמען זיך און צו קענען מער אויפפּאַסן אויף די יידן. א כסדרדיק שיסן אין דער לופטן, האָט אויך געוואָרנט, אז קיינער זאָל ניט וואגן לויפן. די אומגליקלעכע האָבן זיך אויסגעליינט אויף דער פייכטער ערד, און דער הונגער, די קעלט און די טויט־שרעק האָבן געצויגן דעם דם־התמצית. אין דער פרי זיינען א סך מענטשן געווען ווי צוגע־

פרוירן צום באָדן און מחמת שוואכקייט ניט געקענט זיך אויפהייבן פונעם אָרט. א גרויסער טייל פון די מענטשן איז געווען כמעט נאקעט, ווייל מען האָט זיי ארויסגעשלעפּט פון די בעטן נאָך אין אונטערוועש. די מענטשן זיינען געווען ניט צום דערקענען, פארשווארצטע און מיט אויסגעלאָשענע בליקן. דאָס זיינען שוין געווען מענטשן אין טיפסטער דעפּרעסיע. דאָך האָבן יעדע ווײַלע יחידים געפּרוווט אנטלויפן, וואָס האָט זיך מייסטנס אָבער ניט איינגעגעבן. די היטערס, אין די מערערע צענדליקער, האָבן נאָכגעשאָסן, און טויטע און שווער פארוווּנדעטע האָבן זיך געמערט. איז עמעצן יע געלונגען צו אנטלויפן, האָבן געוויסנלאָזע פּויערים זיי נאָכגעיאָגט און נעבראכט זיי צו פירן. די טויטע קערפּערס האָבן זיך פארבלוטיקטע געוואלגערט אין אלע עקן. ארום און ארום זיינען געשטאנען הונדערטער פּויערים צוקוקערס, וועלכע האָבן ביי זייערע כלומרשטע רחמנות־בליקעלעך נעהאט נחת־רוח פונעם יידישן אומגליק.

דעם צווייטן אקציע־טאָג נאָך מיטאָג האָט מען אויף דער לאָנקע געבראכט אויך די אלע מענטשן פון דער שול. מיטן צוברענגען ארום 7 אין אָוונט די לעצטע גרופּע נעכאפּטע האָט שוין באטראָפן די צאָל קרבנות איבער 3000. דאָס איז, ווייזט אויס, געווען די „פעסטגעשטעלטע" צאָל פון געשטאפּא. עס האָבן זיך באלד ביים באן־הויף פארזאמלט דער גאנצער קאָמפּלעט פון די דייטשע, אוקראינישע און יידישע אָנטיילנעמערס, כדי איצט מיטהעלפן ביים אָפּטראנספּאָרטירן די קרבנות.

א טייל פונעם יודענראט האָט אין שטאָט זיך איצט עוסק געווען מיטן צוגרייטן דעם אָפּשייד־באנקעט פאר די טארנאָפּאָלער ס"ס־מענער. א גרופּע יידישע מיליציאנטן איז נאָך אָבער געווען שטארק פארנומען. דאָ האָט זיך געהאנדלט וועגן אָפּראטעווען נאָך אין דער לעצטער מינוט עטלעכע מקורבים פון יודענראט מיט זייערע פאמיליעס, וואָס זיינען אויך געווען צווישן די נעכאפּטע. דער עיקר השתדלות איז געגאנגען וועגן דעם ד"ר גוטמאן, בוכהאלטער סאס פון טארנאָרודע און ד"ר פינקעלשטיין פון פּאָדוואָלאָטשיסק. דער יודענראט האָט וועגן דעם אונטערהאנדלט מיט די געשטאפּאָ־פאָרשטייערס מילער און לעקס. דער שעף איז געווען זייער שלעכט געשטימט און האָט געהאלטן אין איין שרייען און זידלען זיך. דערצו האָט זיך שוין ביי אים נערעכנט די אקציע פאר „אָפּגעשלאָסן". די מיטגלידער פון יודענראט האָבן אָבער באשלאָסן פאר יעדן פּרייז זען צו ראטעווען די אויבנדערמאָנטע מענטשן. ניט אָפּגעטראָטן זיינען זיי פון מילערן. „פאר יעדן באפרייטן

יידן גיט מיר 25 אנדערע״ — האָט דער שעף געשטעלט אזא האַרבע פאָדערונג, כדי די יידן זאָלן אים שוין לאָזן צו רו. „בעפעהל, העררר אָבערשטורמפירער!״ — האָט איינער פונעם יודענראט געענטפערט און זיך גלייך אומגעדרייט צו דער מיליץ און זיי ארויסגעגעבן די געהעריקע פאראָרדענונג. א גרופּע האָט זיך א לאָז געטאָן מיט נייעם אימפּעט איבער די געסלעך, כדי אויפצודעקן ערגעץ נאָך א יידישן בונקער און ווי שנעלער צושטעלן די נייע צאָל נייטיקע מענטשן.

נאָך א האלבער שעה ארומבושעווען אין שטאָט איז זיי קוים געלונגען צו־נויפברענגען סך־הכל 25 מענטשן. דער דייטש האָט פארהידושט געקוקט אויף זיינע יידישע מיטהעלפערס; ארויסגעלאָזן האָט ער נאָר דעם ד״ר גוטמאן מיט זיין פאַמיליע און דעם בוכהאלטער סאס. מער האָט ער ניט געוואָלט באפרייען. ער האָט געשריען און געשאָלטן און ניט געלאָזט מער צו זיך ריידן קיין וואָרט. די 25 פריש געכאפּטע יידן האָבן אוקראַינישע מיליציאנטן ארויסגעטריבן אויפן פּלאַץ, צו דעם גרויסן מענטשן־הויפן.

מיט דעם לעצטן טויש־געשעפט האָט זיך פארענדיקט די אקציע. די סיס־טעם פון אויסטוישן יידן פאר יידן איז ביים יודענראט געווען א גאנגבארער מע־טאָד. פאר גרויס געלט זיינען די ראטמענער שטענדיק געווען גרייט צו טאָן. און פּראָטעקציע־קינדער און חשובים האָבן זיך אויך תמיד געפונען.

אויף דער באַן־סטאַנציע האָט דער לאָקאָמאָטיוו צוגעפירט די ליידיקע וואַגאָנעס אויף די נאָענטע שינעס, און דער באַפעל צום לאָדן די קרבנות איז געפאַלן. די סאָלדאַטן האָבן ברוטאַל געטריבן די מענטשן צו די וואַגאָנעס. אונטער געשרייען און קלעפּ זיינען געפירט געוואָרן די מענטשן אין קלענערע גרופּעס און געהאָרן ארייגעשפּארט צו 100 ביז 120 נפשות אין א וואַגאָן. די טויטע האָט מען אויך אריינגעוואָרפן און אריינגעצײלט צווישן די לעבעדיקע. די וואַגאָנעס האָט מען דער־נאָך פּלאָמבירט און אויך פארקלאַפּט מיט ברעטער. נאָך א שעה צייט איז די לאַנגע קייט וואַגאָנעס געשטאַנען גרייט צום אָפּפאָרן.

9 א זייגער אין אָוונט האָט דער טראַנספּאָרט זיך גערירט פונעם אָרט און איבערגעלאָזט א פארבלוטיקטן פּלאַץ, אויף וועלכן עס זיינען געלעגן כאַאָטיש צע־וואָרפן פארשיידענע טיילן פון מלבושים. א מחנה פויערים מיט זעק און קאָשיקעס האָט זיך באַלד א וואַרף געטאָן אויף דעם „רויב״. אזא בילד איז שוין אין גאַנצן גע־ווען קעגן דעם עסטעטישן געפיל פון די דייטשן. „זאָ ווילדע שווײַנע!״ האָבן זיי גע־נומען שרייען, און די פויערים זיינען זיך באַלד צעלאָפן.

אָבערשטורמפירער מילער און זיין פארטרעטער לעקס האָבן הארציק גע־ראנקט דעם אוקראַינישן קאָמענדאנט מיט זיינע מיליציאנטן פאר דער איבערגע־געבענער מיטארבעט, ווי אויך דער מאנשאפט פון דער יידישער מיליץ, וועלכע זיי־נען רייענווייז געשטאנען אויסגעצויגענע ווי סטרונעס און נאָך דעם סאלוטירט צום אָפּפאָר פון די דייטשע טארנאָפּאָלער געסט, וועלכע האָבן זיך האסטיק געוואָרפן צו די גרויסע אויטאָבוסן. דער אָבערשטורמפירער, זיין פארטרעטער און דאָס רעשט העכערע פונקציאָנערן האָבן זיך געזעצט אין זייערע עלעגאנטע לימוזינעס. לעקס האָט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון דער זייטיקער שויב, צוגעוואָרפן א קאלטן בליק צו דער גרופּע יידישע ראטמענער און אויסגערופן „אויף ווידערזעען, אין 4 וואָכן קומען מיר ווידער!" דאָ האָט ער אָבער מיטוולאָניש א שמייכל געטאָן און פּלוצלונג אויסגערופן: „קאָם הער, אָבעריודע!" דער פּרעזעס גירלער האָט זיך צו אים דער־נענטערט, אויסגעהערט א פּאָר ווערטער, דערנאָך אָפּגעענטפערט: „בעפעל, הער שעף" . . .

די לימוזינעס זיינען באלד צוגעפאָרן צום לאָקאל פון דעם יודענראט, וווּ די געשטאפּאָ־לייט האָבן זיך נאָך פארזאמט א שעה צייט. זיי האָבן נאָך דאָרט געמאכט א כוסה, אָפּגעגעסן אָוונטברויט, מקבל געווען די שענסטע מתנות און באלד אָפּ־געפאָרן.

## נאָכן שדים־טאַנץ

אויף מאָרגן נאָך דער „ווילדער אקציע“ האָט דאָס שטעטל אויסגעזען ווי א בית־עולם. די הייזער צעשטערט און צעראבירט. אין אלע טיילן פון שטאָט זיי־נען אויף די גאסן געלעגן צעוואָרפן די הרוגים. מענטשן, שוין פיל אויסגעפרו־ווטע, האָבן נאָך מורא געהאט ארויסצוגיין פון זייערע באהעלטענישן. ערשט אין די שפּע־טערע פארמיטאָג־שעהן האָבן זיך געלאָזט זען די ערשטע יידן. פון די איבער 3000 קרבנות ביי דער אקציע האָבן זיך אָפּגעראטעוועט נאָר געציילטע. אויסגעמיטן די אקציע האָבן אלע וואָס האָבן געהאט גוט מאסקירטע בונקערס און אויך די וועמען עס איז געלונגען אין די צוויי אקציע־טעג אריבערצוקומען אויף דער ארישער זייט, אָדער אויף די פעלדער און אין די וועלדער.

עס האָט זיך אָנגעהויבן א פארצווייפלט ארומזוכן איינער דעם אנדערן. א פרוי האָט געזוכט איר מאן, א ברודער א שוועסטער, א מאמע א קינד אא״וו. די קליינע צאָל איבערגעבליבענע ביים לעבן האָט אויסגעמאכט איין גרויסע מחנה פרי־שע יתומים, אלמנות ,סתם עלנטע און צעבראָכענע נפשות. פון די גאסן זיינען נעווארן צונויפגענומען 153 דערשאָסענע. ביים מקבר זיין זיי איז דער עולם געש־מאנען ווי פארגליווערט. יעדער האָט קלאָר געוווסט, אז דאָס אומגליק איז נאָך ניט געענדיקט. „אין 4 וואָכן קאָממען וויר ווידער“, האָבן די מערדערס געזאָגט ביים אָפּפאָרן, — און בנוגע דעם קען מען זיי דווקא גלייבן...

אין אונטערערדישן סקאלאט, ווו א גרעסערער טייל יידן האָט זיך אויסבאַ־האלטן, האָבן זיך אָפּגעשפּילט טראגעדיעס, וואָס די פאנטאזיע קען זיי ניט מאָלן. מענטשן דערציילן, אז זיי האָבן אליין געזען, ווי מאמעס האָבן געשטיקט אייגענע קינדער,ווייל די זאָלן ניט מיט זייער געוויין ארויסגעבן דאָס באהעלטעניש, אין וועלכע עס געפינען זיך נאָך צענדליקער אנדערע יידן. אין א סך פאלן האָט טאקע קינדערשער געוויין געבראכט צום אויפדעקן בונקערס. א סך מאמעס האָבן אריינ־געגעבן ווראָנאל, כדי איינצושלעפערן די הונגעריקע און דאָרשטיקע קינדער. עס

האָט אויך פּאסירט, אז די דאָזעס זיינען געווען צו שטארק, און די קינדער זיינען שוין איינגעשלאָפן אויף אייביק. אזוינע און ענלעכע פאלן זיינען געווען איבער 20.

אין די פול געפּאקטע בונקערס זיינען די מענטשן געווען איינגעפּרעסט ווי הערינג, אָן וואסער, אָן לופט, אָן שפּייז. און ווען די אקציע האָט זיך געענדיקט, זיינען די באהאלטענע פון דאָרט ארויס ניט מיט ניט לעבעדיק, אויסגעהונגערטע און פארהלשטע. אין די הייזער האָבן זיי געטראָפן א חורבן, — אלץ צעשטערט, און אזוי פיל מענטשן, די נאָענטסטע, האָבן געפעלט! וואָס טוט מען ווייטער?

אין די ערשטע טעג פון נאָך דער „ווילדער אקציע" איז דער יודענראט מיט זיינע מיטארבעטערס נאָך געווען פארשיכורט פון דעם דורכגעמאכטן שדים־טאנץ; זיי האָבן נאָך ניט געקענט צוריקקומען צום גייסטיקן גלייכגעוויכט. עס האָבן זיי נאָך פאר די אויגן געשוועבט די בלוטיקע סצענעס פון דער גרויזאמער אקציע. זייערע באגאנגענע מעשים האָבן אבנים געעקבערט זייערע געוויסנס. אינעם רויש פון פאר־ווײלונגען און אין א ים פון אלקאָהאָל האָבן זיי געוואָלט פארזינקען די טריבע גע־דאנקען. ביסלעכווייז איז צו זיי צוריקגעקומען די רו. די פליכטן רופן אויך צו אר־בעט; מען באדארף אָרדענען די לויפנדיקע ענינים. אלע אמטן פון יודענראט האָבן אָנגעהויבן ווידער גאָך א מאָל צו ארבעטן, גלייך ווי ביז אהער. און דער חשבון דער־ביי איז געווען גאנץ פּשוט: ווי באלד אז די דייטשן האָבן ביי דער לעצטער אקציע געשוינט דעם יודענראט, איז דאָך דער בעסטער סימן, אז עס דארף נאָך אין סקא־לאט עקסיסטירן א שטיקל יידישער יישוב און אז מען וועט נאָך פון זיי עפּעס פאר־לאנגען. דערמיט האָבן זיי געטרייסט זיך און אנדערע. מען האָט זיך גענומען מיט פרישן מוט צו דער ארבעט „לטובת הכלל".

דערווייל האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען צענדליקער יידן, וואָס זיינען גע־שפּרונגען פון פאָרנדיקן צוג. זיי האָבן דערציילט, אז זייער פיל זיינען געשפּרונגען. די פּאָסטנס פונעם טראנספּאָרט האָבן פון אווטאָמאטן נאָכגעשאָסן און אויסגע־לייגט פיל טויטע איןביידע זייטן פון דער באן־ליניע, וואָס ציט זיך אין דער ריכ־טונג פון לעמבערג. דער גרעסטער טייל פון די, וועמען עס איז געלונגען צו אנט־לויפן, האָבן זיך וואָכן לאנג געבלאָנקעט אין די פעלדער און אויף די וועגן, אין רעגן און אין קעלט. געוויסנלאָזע פּויערים האָבן פיל פון זיי בארויבט און דערנאָך איבער־געגעבן צו דער שופּאָ, אָדער אוקראינישער מיליץ, פון וועמענס הענט קיינער איז לעבעדיק ניט ארויס. אן ערך 50 אזעלכע „סקאָטשקעס" (אזוי האָט מען גערופן די שפּרינגערס) זיינען אָנגעקומען אין שטעטל.

ווי מען האָט איבערגעגעבן האָט זיך דער סקאלאטער טראנספּאָרט אָפּגע־שטעלט אין לעמבערג, וו די דייטשן האָבן דורכגעפירט א סעלעקציע. 200 יונגע און ארבעטספּעאיקע האָט מען באלד אָפּגעשיקט צום ארבעטן אין לעמבערגער פאר־ניכטונגס־לאגער אויף יאנאָווסקע גאס. פון די אלע איבעריקע מענטשן האָט מען אראָפּגעצויגן די קליידער (כדי זיי זאָלן ניט קענען אנטלויפן) און אין געשלאָסענע וואגאָנעם זיי אָפּגעטראנספּאָרטירט קיין בעלזשעץ, צום באקאנטן פארניכטונגס־אָרט פאר די גאליציאנער יידן.

איך אליין האָב זיך אין דער צייט געפונען אין לעמבערגער געטאָ. דעם 12טן דעצעמבער 1942, ווען מען האָט מיך פארשלעפּט אין יאנאָווער לאגער, האָב איך פון מיינע סקאלאטער לאנדסלייט נאָך אָנגעטראָפן 2 יידן, מאָרטשיק טענענבוים און יעקעלע בערגער. זיי האָבן מיר דערציילט, אז די אלע סקאלאטער זיינען פון דאנען אוועק מיט דער „טשיסטקע", וואָס ווילהויז האָט דאָ דורכגעפירט. אזויגע טשיסטיקעס פלעגן פאָרקומען דורך דעם אזוי גערופענעם „מארש־שמיערצי" (טויטן־מארש), א געיעג אויפן גרויסן אפעל־פּלאץ. לאגער־יידן האָבן אין איין גאלאָפּ געמוזט לויפן. און ווער עס האָט זיך מיטן פוס פארטשעפעט, אָדער געבליבן הינטערשטעליק, האָבן די ס"ס־מענער אוועקגעשטעלט אָן א זייט. די אלע זיינען געווען באשטימט, ווי מען האָט דאָס אָנגערופן אין דער לאגער טערמינאָלאָגיע, אויף „שמעלץ", ברען מאטעריאל פאר דעם אויוון אין בעלזשעץ.

אזעלכע פאראנשטאלטונגען זיינען פאָרגעקומען יעדע פאָר וואָכן. מאנכ־מאָל פלעגן די דייטשן ארײנשיסן איגעם לויפנדיקן עולם אריין. און צענדליקער מענטשן זיינען געפאלן ווי די פליגן. דאָס איז ביי זיי געווען אייגע פון די שענסטע פארוויילונגען.

דאָס איז דער סך הכל פון דער ווילדער אקציע מיט די 3153 קרבנות פון סקאלאט. דערמיט האָט זיך די תוכחה אויף סקאלאט נאָך ניט געענדיקט. —

## נ. צ. ל. (ניצל)

„ניצל“ איז ניט קיין מיסטיש סימבאָלישע באַצייכענונג, כאָטש אין העברעאיש באַטייט עס: רעטונג. נ.צ.ל.—דאָס זיינען די ראשי־תבות פון די זיילן פון יודענראַט: נירלער, צימער, לעמפּערט. זיי האָבן זיך נאָך אַלץ נעהאַלטן פאַר די באַשיצערס און רעטערס פונעם כלל־ישראל, און זייערע מקורבים און גוטע פריינד האָבן אין זיי געזען זייערע מלאכים טובים. — ביי דעם ברייטן עולם האָט דער יודענראַט אָנגעהויבן הייסן „ניצל“, א וואָרט וואָס האָט פאַר א טייל באַצייכנט דעם „פרומען ווונטש“, פאַר א קליינעם טייל — „האָפענונג“, אָבער פאַרן גרעסטן טייל — „אנטוישונג“, „איראָניע“ און „שקר“.

די סקאַלאַטער יידישע באַפעלקערונג איז נאָך געווען אונטערן רושם פון דער בלוטיקער „ווילדער־אקציע“, און שוין האָט די „קריפּאָ“ (קרימינאַל־פּאָליציי; באַשטאַנען פון אוקראַינער און פּאָליאַקן) אַרומגעוואַנדערט צווישן די ליידיק געוואָרענע יידישע וווינונגען און צונעמען אַלע שטוב־זאַכן, מעבל, קליידער און חפצים, דערנאָך קאָנצענטרירט און סאָרטירט דאָס אַלץ אין די מאַגאַזינען פון דער גוראַלניע, וווּ עס איז אַמאָל געווען די ריזיקע אייער־מאַגאַזינען פון דער פירמע „אייער עקספּאָרט בישל און קאָמפּ“. דער יודענראַט האָט באַדאַרפט צושטעלן יעדן טאָג צענדליקער אַרבעטערס צום סאָרטירן די יידישע פאַרמעגנס פון די אויסגעזידלטע פאַמיליעס. צוליב דעם וואָס דאָס מעבל איז געווען זייער פיל, אַז עס איז ניט געווען קיין אָרט אין די מאַגאַזינען, האָט מען אין הויף און אַרום דעם בנין, אָנגעטורעמט גאַנצע בערג מיט מעבל־שטיק, וואָס האָבן זיך דערנאָך א לאַנגע צייט געוואַשן אונטער די רעגנס און שנייען.

דעם 25טן אָקטאָבער 1942, עטלעכע טעג נאָך דער „ווילדער אקציע“, איז פון טאַרנאָפּאָלער געשטאַפּאָ אָנגעקומען צום סקאַלאַטער לאַנדקאָמיסאַר עלענבערג א באַפעל, אַז ער מוז אין די נאָענטסטע טעג דורכפירן די פאַרקלענערונג פונעם אַזוי גערופענעם „געטאָ“. מיט דער געצוווּנגענער מיטהילף פון יודענראַט האָט מען

נאָך מער איינגעצוינגן דעם רינג ארום דעם געטאָ, און די איבער 3000 יידן האָבן איצט זיך געמוזט צוזאמענפּרעסן אין נאָך א קלענערן שטח דער יידישער „אָרדענונגס=דינסט“ האָט סטאביל פּאטרולירט ביי די אָנגעצייכנטע גרענעצן פונעם יידן=פּערטל, ווייל פארן אריבערגיין האָט געדראָט טויט=שטראָף. אויך די ניט=יידן האָבן ניט געטאָרט אריינקומען אין געטאָ. פונדעסטוועגן פלעגן זיך אריינגנבענען דאָרפס=פּויערים, וואָס האָבן פאר געזאלצענע פרייזן פארקויפט זייערע סחורות. דער יודענראט און די אָרדענונגס=דינסט זיינען געווען אויסערן געזעץ. זיי האָבן געמענט זיך פריי באוועגן און עטלעכע פון זיי האָבן געוווינט אויך אויסערן געטאָ. דער „ניצל“ האָט נאָרמאל געארבעט, געמאכט געשעפטן און געלעבט א פיל רואיקערן לעבן איידער זייערע ברידער אין געטאָ. פון זייערע מישפּחות האָט נאָך קיינער ניט געפעלט. אין דער ראָלע פון דעה=זאָגערס און מיוחסים איז פיל לייכטער געווען צו לעבן אין דער אזוי שווערער צייט. זייער כאראקטעריסטיש איז דאָס לידל, וואָס קינדער פלעגן נאָכזינגען דעם יודענראט=מיטגליד לייבוש דענען, וועלכער האָט מיט זיין גאנצער מישפּחה כמעט נאָרמאל געלעבט, געהאט פּרנסה, ניט געוווּסט פון קיין נויט. אליין א כשרע נשמה און בטבע ניט קיין שלעכטער מענטש, וואָס אויך אריינפאלנדיק אין יודענראט האָט מען פון אים ניט געלימן,—ער פלעגט איצט אין געטאָ ביי זיין פּשוטער תמימות אלץ זאָגן: „גאָטעניו, אבי ניט ערגער!“ די קינדערלעך פלעגן אין גאס אים נאָכלויפן און אזוי אים נאָכזינגען:

„לייביש דענען קשיטשי פעסט:

ניעך יוזש בענדזשיע׳טאק יאק יעסט“

(„לייביש דענען שרייט פעסט: זאָל שוין זיין ווי עס איז“).

וויפל טראגיק און איראָניע שטעקט אין אָט דעם לידל!

די סקאלאטער יידישע באפעלקערונג האָט בולט געפילט די נאָענטקייט פון דער סכנה. זיי האָבן זיך געפילט ווי געפאנגענע אין תפיסה, פון וואנעט עס וועט שוין אוממעגלעך זיין זיך ארויסצובאקומען. טאָג און נאכט האָבן מענטשן געקלערט וועגן איין זאך: ווו געמט מען א גוטן בונקער? און מען האָט טאקע דורך די נעכט געבויערט אונטער דער ערד פרישע באהעלטענישן, פרישע מויזלעכער. א קליינער טייל פון די פארמעגלעכערע יידן האָבן זיך באצייטנס פארזאָרגט באהעלטענישן ביי קריסטן אין שטאָט אָדער אין דאָרף, אָפּצאָלנדיק פארמעגנס. יידן האָבן געלעבט אין שטענדיקן פּחד. די מורא פאר פרישע שחיטות האָט געשטערט דעם שלאָף און די

רו. — צוליב דער ענגשאפט, אנטי־היגיענישע באדינגונגען און ניט גוטער פארפלע־
גינג זיינען אויסגעבראכן טיפוס, גריפע, דיפטעריע און אנדערע אומבאקאנטע
קראנקהייטן. עס האט זיך מער פארגרעסערט די שטערבלעכקייט. עס זיינען אלץ
ארומגעגאנגען פארשיידענע קלאנגען און סברות וועגן ווייטערדיקע אקציעס. דער
לאנדס־קאמיסאר זאל האבן געזאגט, אז סקאלאט מוז ווערן „יודענריין", גלייך ווי
אלע אנדערע שכנותדיקע שטעט און שטעטלעך, און אז די יידן וועט מען איבער־
הויפט ניט לאזן לעבן, ווייל זיי זיינען אנערקענט געווארן פאר „קריגס־פארברעכער".
עס וועלן נאר קענען עקסיסטירן, האט מען געזאגט, ארבעטס־צוואנגס־לאגערן, וווּ
נאר די יינגערע און ארבעטס־פעאיקע וועלן ווערן קאנצענטרירט.

די אלע נאכזאגענישן און שמועסן האבן נאך מער פארטומלט די מוחות,
און די מורא און פאניק איז געוואקסן

די שטייער־אפטיילונג פון יודענראט האט אויפגעמאנט הויכע שטייערן פון
דער יידישער באפעלקערונג, כדי צו דעקן זייערע קהלשע הצטרכותן, און דער עיקר
אויף די גרויסע מתנות, באשטימטע פאר דייטשן, אוקראינער און „קריפא". דער
„ניצל" איז יעדעס מאל געפארן קיין טארנאפאל צום פארבינדונגס־מאן, כדי זיך
עפעס צו דערוויסן. זיי זיינען אבער יעדעס מאל צוריקגעקומען אנטוישטע און נאך
מער צעטומלטע, ניט וויסנדיק אליין, וואס מען הייבט אן צו טאן. אויך זיי האבן זיך
איבערצייגט אין דעם דייטשן שווינדל און שקר און האבן שוין געוווּסט אויף געווי,
אז צו זייער אומשוּלדיקע אינעם שמוציקן וואסער וועט אויך באלד נעמען א סוף.

אין דער זעלבער צייט האט דער יודענראט נעמוּזט צושטעלן קאנטינגענטן
ארבעטס־קרעפטיקע מענטשן פאר די ארומיקע לאגערן, ווי באריקי־וויעלקע, ראמא־
נאווקע, סטופקע, קאמיאנקע א"א, וואס זיינען געשטאנען אונטער דעם אנפיר פון
שטורמפירער רעבעל. אין די לאגערן האבן שוין דעמאלט געארבעט טויזנטער יידן
און רוסישע קרינס־געפאנגענע, וועלכע האבן דארט געצאנקט אין הונגער און אין
נויט און אונטער די דייטשע בייטשן. הגם אין די לאגערן זיינען טאקע ניט געווען
קיין קרעמאטאריעס, אבער דער לעבנס־מצב איז דארט געווען ניט פיל בעסער ווי
אין די באריכטע טויטן־לאגערן. די ס"ס האבן דא געשלאגן, געשאסן, געהאנגען,
און בכלל פארפייניקט מענטשן ביזן טויט. פון אט די לאגערן איז כמעט קיינער ניט
צוריקגעקומען. א מענטש האט דא געקענט אויסהאלטן הערסטנס ביז 3 חדשים. צו־
ליבן כסדרדיקן אויסראטן פון די לאגער־מענטשן האבן די דייטשן געהאלטן אין

אין פאַרדערן פרישן מענטשן־מאטעריאל, וואָס די יודענראטן האָבן געמוזט צו די באשטימטע טערמינען צושטעלן. יידן האָבן זיך ווידער געמוזט באהאלטן, נים גע־כאפט צו ווערן אין די לאגערן אריין. ביים „ניצל" פלעגט מען זיך אויך קענען אויס־קויפן פאר הויכע סכומים; אנשטאָט דעם אויסגעקויפטן פלעגט מען כאפן פון די אָרעמע מענטשן. עס זיינען פאָרגעקומען פאלן ווען דער „ניצל" האָט בכיוון געכאפט עלטערע און פארמעגלעכע מענטשן, כדי דערנאָך צו קענען צאפן פון זיי געלט. אזוי האָבן זיי אויך פארכאפט מיין קראנקן און 62 יאָריקן פאָטער אין קאמיאָנקער לאגער אריין. אָט וואָס עס דערציילט מיין לעבנגעבליבענע מוטער:

„איך בין געגאנגען צום פרעזעס נירלער און צו לייזער שיינבערגן אויס־פועלן, מען זאָל ארויסלאָזן מיין מאן. דאָרט האָבן זיי מיך מערדערלעך געשלאָגן און איך בין געלעגן איבער א שעה אויף דער ערד א צעבלוטיקטע און אין א באוווסט־לאָזן צושטאנד, נאָך גרויסע באמיאונגען און פראָטעקציעס איז מיר געלונגען מיט אכט טעג שפעטער, באצאָלנדיק 15.000 זלאָטעס, ארויסצוגעמען מיין מאן פון קא־מיאָנקער לאגער, א צעבראָכענעם און אויסגעמוטשעטן".

אזוי האָט אויסגעזען דער מצב אין שטעטל ערב דער קליינער אקציע, וואָס איז געקומען אין 20 טעג ארום נאָך דער „ווילדער אקציע". —

# די קליינע אקציע

די באצייכענונג „קליינע אקציע“ נעמט זיך דערפון, וואָס אין פארגלייך צו די ביזאיצטיקע אקציעס און אויסזידלונגען איז די אקציע פון דעם נייגטן נאָוועמבער 1942 געווען פון א קלענערן פארנעם און די קרבנות האָבן באטראָפן „נאָר“ 1100 מענטשן.

און ווידער ווי אומגלייבלעך דאָס זאָלן ניט זיין, נאָך צוריק מיט צוויי וואָכן האָט זיך פארשפרייט א גביאות־זאָגעריי, אז עס קומט די ישועה. מרדכי מלמד האָט געזען אין חלום זיין זיידן עליו השלום, אָנגעטאָן אין ווייסן קיטל און אין טלית און תפילין. דער זיידע האָט אים נעזאָגט, ער זאָל צוגרייטן א שימחה, ווייל אין טאָג פון כ״ט מרחשון ווערן די יידן געהאָלפן, — די ישועה קומט! מרדכי מלמד, א קבצן כל ימיו, פארקויפט דאָס לעצטע העמד, גרייט אָן לעקעך און בראנפן, זיין ווייב מאכט א פעטן קוגל אויף שבת, ער רופט צונויף אלע שכנים אויף א קידוש; ווי גליקלעך ער איז צו זיין דער בשורה־ברענגער פון דער ישועה, וואָס קומט בקרוב...

אָבער דווקא אין דעם טאָג, כ״ט חשון, איז פאָרגעקומען די „קליינע אקציע“, ווען מרדכי מלמד מיט זיין מישפחה זיינען אריינגעפאלן צווישן די קרבנות.

כ״ט חשון תש״ג (9.11.1942) פארטאָג האָבן טארגאָפּאָלער ס״ס און־טערן אָנפיר פון רייניש, א פונקציאָנער פון דאָרטיקער געשטאפּאָ, ארומגערינגלט דאָס שטעטל און זיך גענומען צו דער ארבעט לויט דעם שוין באקאנטן שאבלאָן פון די פריערדיקע אקציעס. אויך דאָסמאָל האָבן אין דער אקציע אָנטייל גענומען די גאנצע אוקראינישע מיליץ, די פּויליש־אוקראינישע קריפּאָ, ווי אויך די יידישע מיליץ. דער יודענראט האָט נעהאט גענוג מאכט אין די הענט, כדי אויך דאָסמאָל ארויסצוראטעווען פון די דייטשע הענט א ביסל קרובים און גוטע ברידער. דאָס נעיעג איבערן שטעטל האָט אָנגעהאלטן ביז 12 א זייגער בייטאָג, ווען רייניש האָט דערזען, אז אין שול, וו עס איז געווען דער זאמלפונקט, שטייגט די צאָל מענטשן־קעפּ אריבער די פעסטגעשטעלטע נאָרמע פון 1000 מאן פאר דער אקציע. דאן

האָט ער פון די צונויפגעכאַפּטע מענטשן אָפּגעקליבן 100 מער ייִנגערע און קרעפּ־טיקע און זיי געלאָזט אַפּשיקן אין לאַגער הלובאָטשעק, ווו קיינער פון זיי איז ניט געבליבן ביים לעבן.

ארום דער שול זיינען געשטאַנען גרייט די ס"ס־סאָלדאַטן, די אוקראַינישע מיטהעלפערס און אויך דער יידישער „אָרדנונגס־דינסט" און געוואַרט אויף ווייַ־טערדיקע באַפעלן. פונקט האַלב איינס א זייגער זיינען אָנגעקומען 5 גרויסע לאַסט־אויטאָס מיט די שאָפערן פון דער פירמע „אָטטאָ הייל". פון דעם ארויסגאַנג פון דער שול ביז צום פּלאַץ, ווו די מאַשינעס זיינען געשטאַנען, איז פון ביידע זייטן געשטאַ־נען א געדיכטע וואַך פון דייטשן און אוקראַינער. יידישע מיליציאַנטן האָבן ארויס־געפירט פון דער שול גרופּעס צו 20 מענטשן. ביים ארויפקריכן אויף די הויכע אויטאָס האָט מען מערדערלעך געשלאָגן, בפרט די עלטערע און פרויען, וואָס האָבן ניט באַוויזן אַזוי גיך ארויפצושפּרינגען. אויף יעדער מאַשין האָבן געמוזט ארויף 100 מענטשן, און אַזוי ווי דאָס איז ניט מעגלעך געווען, האָבן די אכזרים ווידער גע־שלאָגן איבער די קעפּ, און מענטשן האָבן זיך צונויפגעפּרעסט נאָך ענגער. 5 פול געפּאַקטע מאַשינעס זיינען אונטער געשרייען און געוויינען שנעל אָפּגעפאָרן קיין טאַרנאָפּאָל, כדי אין צוויי שעה ארום ווידער צו קומען אָפּנעמען די ווייטערדיקע קרבנות. ווען די אַלע געכאַפּטע יידן האָבן זיך שוין געפונען אויף טאַרנאָפּאָלער באַן־סטאַנציע, האָט מען זיי געהייסן אַלעמען זיך אויסזעצן אויפן שניי. האָט זיך ווער אויפגעהויבן, אָדער א ריר געטאָן, אַזוי האָט באַלד צו אים די וואַך געשאָסן. צווישן די מענטשן האָבן זיך געפונען פיל אין אונטערוועש און האַלבנאַקעטע, וואָס האָבן זיך געטרייסלט פאַר קעלט.

אין דעם זעלבן טאָג איז אויך פאָרגעקומען אן אקציע אין טאַרנאָפּאָל גופא, ווי אויך אין זבאַראַזש. פון די ביידע מקומות איז שוין דאָ צו דער באַן־סטאַנציע געווען אָנגעבראַכט אן עולם פון אן ערך 5000 מענטשן. מען האָט געהאַלטן אין איין דערברענגען נייע געכאַפּטע קרבנות. און באַלד פלעגן אויך צופאָרן וואַגאָנעס, צום אויפנעמען און אָפּפירן די יידן... אויפן זאַמל־פּלאַץ זיינען זיך אויך צונויפ־געקומען די גאַנצע „שופּאָ", געשטאַפּאָ, „קריפּאָ" און אוקראַינישע הילפס־פּאָליציי, כדי מקבל פנים צו זיין דאָס צונויפגעשטעלטע „מענטשן־פי", ווי זיי האָבן דאָס אָנגע־רופן. „באַרמהאַרציקע" ס"ס האָבן ניט געקענט צוקוקן, ווי פיצלעך קינדער, די עופעלער, ציטערן פאַר קעלט אָדער מאַטערן זיך צונעפראָרענע צו דער ערד. דאָ

פלעגן זיי אנעם טאָן מיט איין האנט א נפשל און מיט דער אנדערער אריינגעשאָסן; אין אים פון פיסטאָלעט, דערנאָך עס אוועקגעוואָרפן אָן א זייט, א פארבלוטיקטס צאפלדיקס, ווי א געשאָכטן עוף. — באלד האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אויפלאָדן פון דער גרויסער מענטשן־מאסע. ס"ם האָבן מיט שטעקנס געטריבן דעם עולם אין די אָפענע וואגאָנעס אריין. אנדערע פון זיי האָבן דערווייל געקליבן ארבעט־פעאיקע מענער און זיי אוועקגעשטעלט אָן א זייט. פיל אָפּגעקליבענע מענער האָבן זיך ניט געוואָלט שיידן מיט זייערע פאמיליעס. עס האָבן זיך דערביי אָפּגעשפילט טראַגישע סצענעס. דאָס געזעגענען זיך, דאָס טראגישע שלאָגן זיך מיט דער דעה, געוויין און געיאָמער... די דייטשע בייטש אָדער קויל האָט א סוף געמאכט צו אזעלכע צערטלעכקייטן אין די רירנדיקע מאָמענטן ביים לעצטן אָפּשייד. אייניקע יונגע מענער האָבן אין דער לעצטער מינוט פארלאָזט דעם זאמל־פונקט פון די „גליק־לעבע" און זיך אומגעקערט צו די וואגאָנעס, צו זייערע פרויען און קינדער. די הענקערס האָבן אויסגעסאָרטירט אַן ערך 200 מענטשן, פון וועלכע 100 זיינען געווען באשטימט פארן לאגער אין הלובאָטשעק און די אנדערע 100 קיין קאזימיראָווקע, לעבן זבאַראָוו. צווישן די אויסגעסאָרטירטע האָבן זיך געפונען א פּאָר צענדליק סקאלאטער יידן, אחוץ די 100 יונגעלייט, וואָס די דייטשן האָבן זיי נאָך אין סקאַלאַט גופא באשטימט פארן לאגער הלובאָטשעק. דער גאנצער טראנספּאָרט צוזאמען מיט די סקאלאטער קרבנות איז פון טארנאָפּאָלער באן־סטאנציע אָפּגעפאָרן קיין בעלזשעץ, צום באקאנטן פארניכטונגס־לאגער.

פון די פאָרנדיקע אויטאָס פון סקאלאט קיין טארנאָפּאָל, ווי אויך פונעם טראנספּאָרט קיין בעלזשעץ, זיינען אראָפּגעשפרונגען א פּאָר צענדליק יידן, פון וועלכע נאָר א קליינע צאָל איז נאָך שווערע וואנדערונגען און ליידן צוריקגעקומען קיין סקאלאט. זיי האָבן דערציילט פון די שרעקלעכע איבערלעבונגען, און אויך אז פיל פון זיי זיינען אויפן וועג אויסגעשאָסן געוואָרן אָדער אריינגעפאלן לעבעדיקע אין די הענט פון דער פּאָליציי.

אויף מאָרגן נאָך דער אקציע זיינען אין סקאלאט די מענטשן נאָך געלעגן דעם גאנצן טאָג אין די באהעלטענישן, מורא האָבנדיק ארויסצוגיין. אין פיל ערטער זיינען געלעגן צעוואָרפן טויטע, מיינסטנס קינדער, וואָס האָבן אין טראגישן טאָג געפרוווט ארויסשפרינגען פון די פענצטער און די דייטשע רוצחים האָבן צו זיי געשאָסן ווי אויף פייגל. די רציחות פון דער דורכגעפירטער אקציע זיינען געווען ענ-

לעבע ווי ביי די פריערדיקע. דער טעמפּאָ איז נאָך געווען פיל שטארקער און ביז מיטאָג איז די אקציע שוין געווען פארענדיקט. אויך דאָס מאָל איז דער יודענראט ארויס גאַנץ. די הערן האָבן געוווינט אין א באזונדערן בלאָק, וואָס די דייטשן האָבן אים פארזען אין זכות פון די רייכע מתנות. דער גרעסטער פּראָצענט קרבנות פון דער „קליינע אקציע" איז באשטאנען פון קינדער (ביי 25 פּראָצענט). דער גרעסטער טייל פון די דערוואקסענע איז שוין געוואָרן פארנומען נאָך ביי דער „ווילדער אק־ציע". אויך פיל פון דער יוגנט האָבן זיך שוין געפונען אין די לאַגערן ארום סקאַ־לאט. א גרויסער טייל פון די לעבן געבליבענע אין שטעטל האָט זיך נאָך דער אקציע געפונען שרעקלעך פארלאָרן. פיל זיינען איצט שוין געווען איינזאם און עלנט צוליב די אוועקגענומענע נאָענטסטע פון זייערע מישפּחות. אָט די מענטשן האָבן שוין איצט געוואָלט זיין בעסער אין די לאַגערן, ווו זיי האָבן געהאָפט צו געפינען גינסטי־קערע מעגלעכקייטן צו אדורכלעבן; זיי האָבן זיך אָנגעהויבן פרייוויליק מעלדן אויף אהין. דער יודענראט האָט אויסגענוצט די קאָניונקטור און זיך געהייסן צאָלן הויכע טאקסעס פאר געבן וועמען די זכיה צו אריינקומען אין אוועלכן לאַגער. דער־צו האָט מען נאָך גערעדט, אז אין לאַגער קאמיאָנקע זאָל האָבן דער מצב זיך פאר־בעסערט; דער יודענראט זאָל האָבן אונטערגעקויפט דעם שטורמפירער רעבעל, ער זאָל ניט אזוי פייניקן די יידן. זיי האָבן אויך געפירט מיט אים אונטערהאנדלונגען אויף צו גרינדן א לאַגער אין סקאַלאט גופא, כדי צו קענען בלייבן ווייטער אין שטעטל אין פאל פון א פולער ליקווידאציע פון דעם געטאָ.

פון טארנאָפּאָל איז דערווייל אראָפּגעקומען א ספּעציעלער רעפערענט, הויפּטשטורמפירער בישאָף, כדי צונויפצוזאמלען אלע יידישע איבערגעלאָזטע פארמעגנס פון נאָך דער פאָרגעקומענער אקציע. אונטער זיין אויפזיכט האָבן די יידן צונויפגעשלעפּט פון די הפקרדיקע יידישע וווינונגען אלע חפצים און מעבל, און אויך דאָסמאָל דאָס גאנצע קאָנפיסקירטע פארמעגן קאָנצענטרירט און סאָר־טירט אין די גרויסע מאגאזינען פון דער גוראלניע. שפּעטער מיט א פּאָר טעג האָט מען אויך אלץ ארויסגעפירט קיין טארנאָפּאָל.

נאָך גרויסע באמיאונגען און אָנגעשענקטע אוצרות גאָלד איז ענדלעך גע־לונגען דעם יודענראט אויסצופועלן ביים אָבערשטורמפירער רעבעל צו אָרגאניזירן אין סקאלאט דעם לאַגער (וועגן לאַגער גופא — אין א ווייטערדיקן קאפּיטל). דער ערשטער באפעל זיינער איז געווען, מען זאָל שאפן אין די ראמען פונעם לאַגער די

אזוי גערופענע „אבברוך=קאָמאנדאָ“, וועמענס הויפּט=אויפגאבע איז פונאנדערנעמען
די יידישע הייזער. דאָס געהילץ און די בוי=מאטעריאלן דארפן דינען פאר הייץ=
שטאָף אויף ווינטער, און די ציגל און שטיינער — אויסצולייגן אין פּיראמידן אויף
אלע פרייע פּלעצער און זיי שטעלן אין רשות פון דער ארישער באפעלקערונג. די
ערשטע ארבעט איז געווען דאָס אויסגלייכן מיט דער ערד די גוט באקאנטע „פּיצי=
ניע“ אויפן מארק=פּלאַץ, נאָך דעם זיינען שוין אוועק די אלע אנדערע יידישע הייז=
לעך, וואָס זיינען נאָך די אלע דורכגעפירטע אקציעס און שחיטות שוין איצט געשטא=
נען ליידיק און הפקרדיק. פויערים זיינען דורך די טעג ארומגעקראָכן איבער די יידישע
חורבות און צעגראָבן אויף ווי טיף די קעלערן, זוכנדיק דאָרט פארבאהאלטענע
יידישע אוצרות. גלייכצייטיק האָט דער מאגיסטראט באקומען אן אָנווייזונג פון
לאנד=קאָמיסאר עלענבערג, אז אים איז דערלויבט צו פארקויפן די אלע בוי=מאטע=
ריאלן פון יידישע צעשטערטע הייזער. די פויערים פלעגן קויפן פאר לעכערלעכע
פרייזן, פון 100 ביז 200 זלאָטעס א יידיש הויז. נאָך אזא קויף=טראנסאקציע פלעגן
זיי פּאמעלעך און שפּאָרזאם צענעמען דעם בנין און די מאטעריאלן אָפּפירן צו זיך
אין דאָרף אריין, כדי דאָס אויפן אָרט צו אויסנוצן פאר אייגענע בוי=צוועקן. אזוי
איז די גאנצע צייט אָנגעגאנגען די צעשטערערישע ארבעט אין דעם געוועזענעם
יידישן שטאָט=טייל. דער סאמע צענטער שטאָט איז אויסגעגלייכט געוואָרן מיט
דער ערד. דער אויסזען פון סקאלאט האָט זיך פארענדערט ניט צום דערקאָנען.

## ארישע פּאַפּירן

ווען מען האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן דער פולער ליקווידאַציע פונעם שטעטל, אַז דאָס לעבן איז פון טאָג גערוואָרן שווערער און אויסזיכטלאָזער, האָבן מענטשן גענומען זוכן פאַרשיידענע אופנים ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען. עס זיינען אַוועק אין גאַנג „ארישע" פּאַפּירן. האָט עמעצער פאַרמאָגט אַ גוטן „ציפּער־בלאַט", ד"ה אַ פּנים מיט אַ ניט־סעמיטישן אויסזען, האָט אַזאַ אָנגעהויבן צו קלערן וועגן אַריבער־קומען אין דער אַרישער זייט. אין קליינעם שטעטל האָט דאָס ניט געקענט קומען אין באַטראַכט, ווייל איינער דעם אַנדערן האָט גוט געקענט. האָט מען דערפאַר גע־מוזט אַרויספאָרן ערגעץ ווייט אין גרויסע שטעט, וו מען האָט זיך מיינסטנס גע־לאָזט פאַרשרייבן אַלס פרייוויליקע אַרבעטערס קיין דייטשלאַנד. די אויפגעצוווּנגענע ראָלעס וואָס מענטשן האָבן געמוזט שפּילן אויף דער אַרישער זייט האָבן געפאָדערט פון זיי באמת הויך קינסטלערישע פעאיקייטן. מיר באַגעגענען יידן אין די דייטשע אַמטן, אין פּריוואַטע אינסטיטוציעס, יידן אַלס פאַרמאַסקירטע גלחים, אַלס בעטלערס, אַלס קוימענקערערס, אַלס גאַסן־יונגען און גאַסן־קערערס. פרויען האָבן דאָס רוב גע־נאָלטן אַלס דינסטן און קראַנקן־שוועסטערס; קינדער פון ווייבלעכן געשלעכט זיינען געווען אין שפּיטאָלן, אינטערנאַטן און מאָנאַסטירן. די הונדערטער געצן פון אַגענטן, שאַנטאַזשיסטן און פאַררעטערס זיינען געווען תמיד אויסגעשפּרייט אויף אַריינכאַפּן אָט די העלדישע אַרטיסטן, און גרויס איז געווען די צאָל קרבנות וואָס די פאַרברע־כערישע הענט האָבן צוגעשאַרט דעם דייטשן הענקער. דאָך איז אַ גאָר קליינעם טייל געלונגען דורכצוהאַלטן די שווערע פייער־פּראָבע. ווען די אַלע כמעט פאַרגעסענע העלדן וועט נאָך אַמאָל דאָס פאָלקס־מויל נאָכדערציילן מעשיות פון אַ שפּאַנענדי־קער טעמאַטיק, דורכגעפלאָכטן מיט העראָאיזם און עמאָציעס. —

אין שטעטל סקאַלאַט האָט זיך אין 1942 באַזעצט אַ צאָן־דאָקטאָר אונטערן נאָמען ד"ר יאַן סלאָטאַ. ער האָט דאָ פּראַקטיצירט און באַקומען אַ היפּשן קרייז פּאַציענטן. אַ געוויסע צייט שפּעטער האָט זיין פרוי געבאָרן אַ זון. מיט גרויסע

פֿייערלעכקייטן איז אין קלויסטער פֿאָרגעקומען די טויפֿונג. לויטן מינהג פֿון אַלע פֿרומע קריסטן. מאַכט זיך, אַז ד״ר סלאָטא ווערט אָפּגעמסרט, אַז ער איז גאָר אַ ייִד. ער ווערט געשטעלט קודם כּל פֿאַר אַ מעדיציניִשער קאָמיסיע. ווייזט זיך אַרויס, אַז זײַנע דאָקומענטן זײַנען אין אָרדענונג. ער האָט אויך געהאַט אַ פּאַפּיר, אַז צוליב אַ ווענערישער קראַנקייט האָט ער אַמאָל דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע אויף דער מילה. דאָס איז ניט געווען גענוג, און מען האָט דעם פֿאַרדעכטיקטן אַוועקגעשיקט אין געשטאַפּאָ קיין טאַרנאָפּאָל, צו אַ ווײַטערדיקער חקירה ודרישה. פֿון דאָרטן איז ער שוין מער ניט צוריקגעקומען. זײַן ווײַב, זעענדיק אַז זיי זײַנען דעמאַסקירט, האָט גיך אַוועקגעגעבן דאָס קינד צו אַ פּוילישער פֿרוי, באַצאָלנדיק איר אַ גרעסערע באַלוינונג פֿאַרן באַהאַלטן, און אַליין איז זי ערגעץ פֿאַרשוווּנדן. אַ פּאָר טעג שפּעטער זײַנען ס״ס פֿון טאַרנאָפּאָל געקומען אויך זי נעמען. זיי האָבן זי שוין אָבער ניט געטראָפֿן; זיי האָבן נאָר פֿאַרחתמעט די וווינונג, און נאָך אין דער זעלבער וואָך האָט מען פֿון דאָרט אַרויסגעפֿירט די גאַנצע אײַנריכטונג און פֿאַרמעגן, אַלס קאָנפֿיסקאַטע „פֿאַרן דײַטשן רײַך“. — דאָס גאַנצע שטעטל האָט געקאָכט מיט דער מעשׂה נוראָ, — ווי אַ ייִד האָט געהאַט די חוצפּה מער ווי אַ יאָר צו פֿירן בײַ דער נאָז דער אַרישער באַפֿעלקערונג פֿון סקאַלאַט, און אַפֿילו אויך אָפּגענאַרט דעם פּוילישן גלח מיטן טויפֿן דאָס קינד. דאָס האָט אויך פֿאַרדראָסן דער קריסטלעכער פֿרוי, וואָס האָט געהאַלטן דאָס קינד. אין אַ שיינעם טאָג האָט זי אײַנגעוויקלט דאָס עופֿעלע און אַוועק דערמיט צו דער שוץ־פּאָליציי. „דאָס איז אַ ייִדיש קינד“ — האָט זי געזאָגט. „דאָס האָט מיר צוגעוואָרפֿן ד״ר סלאָטאַס פֿרוי, איידער זי איז אַנטלאָפֿן“. דער שוץ־פּאָליציסט פּאָול, גערירט פֿון דער געהויבענער טאַט פֿון אַ קריסטלעכער פֿרוי, האָט טאַקע באַלד אַרויסגעטראָגן דעם „גערעכטן“ מישפּט ער האָט אָנגענומען דאָס קינד בײַ די פֿיסלעך און אַ פּאָכע געטאָן מיטן קעפּל אָן אַ בוים. . פֿאַר דער גאָטספֿאָרכטיקער פֿרוי איז אַזאַ „שריט“ משמעות געווען אַ ביסל אומדערוואַרט. האָט זי גענומען ווי שנעלער זיך אָפּציִען. „קום אַהער“, האָט דער דײַטש איר נאָכגערופֿן, „נעם דאָס צו, איך בין קיין טויטן־גרעבער!..“

די אמתע מאַמע פֿונעם קינד האָט זיך אין טאַרנאָפּאָל אַ געוויסע צײַט אַרומגעבלאָנקעט צווישן שׂונאים און פֿאַלשע פֿרײַנד אין הונגער און נויט. געוואָלט האָט זי אָבער לעבן; עס איז דאָך אַ קינד געבליבן... אַז די אָרעמע פֿרוי איז אָבער געוויר געוואָרן, אַז אויך איר קינד לעבט ניט מער, האָט זי באַשלאָסן מאַכן אַ סוף מיטן

לעבן. זעלבסטמאָרד קאָנען ניט אלע באגיין. זי איז אוועק פרייוויליק אין געשטאַפּאָ זיך מעלדן... „איך בין די און די... איר האָט מיין מאן דערהרגעט, איר האָט מיין קינד דערהרגעט... איצט דערהרגעט מיך אויך, מערדערס איר!..“ און מען האָט איר צוליב געטאָן.

געווען איז אויך אין סקאלאט אן אנדערער פאל, וואָס האָט אויפגערודערט די עפנטלעכקייט. עס איז געווען אין שטעטל א לענגערע צייט א העכערער דייטשער באאמטער, בעלצען האָט ער געהייסן, וואָס איז געווען דער לאנדווירטשאפטס-אינספעקטאָר אין דעם גאנצן ראיאָן. ביי זיין ארבעט האָט ער ארויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן און האָט געהאט גרויס אָנזען אין די אויגן פון דער מאכט און איז געשטאנען אין ענגען קאָנטאקט מיט די אלע העכערע דייטשע ציווילע, פּאָליציי-אישע און מיליטערישע באאמטע. אין יואל בויערס דירה, אין איינעם פון די שענסטע יידישע וווינונגען, האָט ער זיך איינגעריכטעט א פראכטפולע וווינונג, וו ער האָט געפירט א פירשטלעך לעבן. ער פלעגט ארומפאָרן אין א קארעטע מיט טייערע פערד איבער אלע פּאָלווארקעס און ארויסגעבן באפעלן צו זיינע אונטערגעאָרדנטע, וועלכע האָבן פאר זיין קוק—איינמאָל אָבער האָט א פויער, וואָס האָט מיט אים אמאָל געדינט אין מיליטער, דערקאָנט, אז דאָס איז דאָך דער געוועזענער קאוואלעריע-אָפיצער, ראָטמיסטער... דאָ איז באלד אויפגעשוומען א פארדאכט, אז בעלצען זאָל גאָר זיין א ייד, און עס איז אוועק א געהיימע אויספאָרשונג.—ווען שופּאָ איז נעקומען אים ארעסטירן און נעמען קיין טארנאָפּאָל, האָט ער מכבד געווען קודם כל די באגלייטערס מיט בראנפן און ווײַן; עס איז א פראָסט און אויפן וועג וועט זיין קאלט, דארף מען זיך דערווארעמען. די שופּאָ האָט זיך טאקע דערווארעמט און זיך דערביי א ביסל פארטשאדעט דעם קאָפּ. דער פריץ האָט דערווייל איינגעשפּאנט די פערד, זיך אָנגעטאָן אין א ס"ס-מונדיר און צוזאמען מיט זיין עלף יאָריקן קינד עוקר געווען. מען האָט אים ארומגעזוכט, נאָכגעשיקט שטעק-בריוו, אָבער זיי האָבן אים ניט געפאקט. — בעלצען, אָדער בענצעל, ווי זיין ריכטיקער נאָמען איז, לעבט היינט אין דייטשלאנד אין דער בריטישער זאָנע.

ביי דעם ווירטשאפטלעכן דייטשן לאנד-קאָמיסאר העפנער אין נאָוואָסיאָלקע האָט זיך אויפן פּאָלווארק געפונען אן אָנגעשטעלטער צוזאמען מיט זיינעם א זון פון א יאָר 16—18. דער אָנגעשטעלטער וואָס איז אין דער אמתן געווען א ייד

און האָט געשטאַמט פון סטאַניסלאַווער געגנט, האָט אין פּאָלוואַרק געגאָלטן אלס אריער און האָט דאָ א לענגערע צייט געאַרבעט ווי א פּורמאַן. ער האָט זיך אויך ספּעציאַליזירט ביים האָדעווען חזירים. מען איז פון אים געווען זייער צופרידן און מען האָט אים אפילו גערעכנט ווי א מוסטער פון א הויף־אַרבעטער. איינמאָל האָבן פּויערים באַמערקט, אז דער פּורמאַן האָט עפּעס צו ווייסע פּיס. „א כּלאָפּ זאָל האָבן אזעלכע ווייסע פּיס!" — עס איז ניט מעגלעך, אז א פּויער זאָל האָבן אזויגע ווייסינקע פּיס... איז געפאַלן אויף אים א פאַרדאַכט. די פּויערים האָבן אָבער ניט פאַרמסרט. בשעת די דייטשן האָבן זיך א נעם געטאָן צו דעמאַסקירן פאַרדעכטיקע אריער, האָט זיך דער ייד דערשראָקן, ער זאָל אויך ניט אריינפאַלן מיט זיין זון. זיינען זיי ערגעץ פאַרשוווּנדן, און מען ווייסט ניט ביזן היינטיקן טאָג וווּ זיי האָבן זיך אהינגעטאָן.

ביי דער געוועזענער פירמא וואַגנער אין סקאַלאַט האָט שוין פון יאָרן געאַרבעט א געוויסער לעמבערגער יונגערמאַן וואָס האָט געהייסן רובעל, אלס אָנפירער ביים קאָניטשינע־איינקויף פאַר דער גאַנצער געגנט. זיין ריכטיקער נאָמען איז געווען פּאָליאַק. ער איז שוין א לענגערע צייט געווען געשמדט און איז געווען פאַרהייראַט מיט אן אוקראַינישער פרוי. ווען אוקראַינישע פּאָליציי איז געקומען אים אַרעסטירן, איז ער אַנטלאָפן און איז פון פּאַניק אַרויפגעקראָכן אויף א בוים, פון וואַנען די פּאָליציי האָט אים אַראָפּגעשאָסן.

אין סקאַלאַטער אָפּטיילונג פון דער פירמע „מטס" האָט געאַרבעט אלס בוכ־האַלטער א יונגער ייד, וואַרשיינלעך פון בראָד. ער האָט געטראָגן דעם נאָמען נאַראָבני. שוין האָט זיך דערוווּסט, אז ער איז א ייד; ער האָט אָבער געהאַט גליק: ווען מען איז נאָך אים געקומען, איז ער גראָד געווען דינסטלעך פאַררייזט. דער לייטער פעדעראָוויטש האָט אים וועגן דעם מודיע געווען, און אזוי איז נאַראָבני ניצל געוואָרן פון א זיכערן טויט. זיין ווייטערדיקער גורל איז מיר אומבאַקאַנט.

א געוויסע צייט איז אָנגעגאַנגען א קאָניוגקטור פאַר אַרישע פּאַפּירן אין שטעטל. מיט באַזאָרגן אזויגע פּאַפּירן האָט זיך זייער פיל אָפּגעגעבן מאיר גרינ־פעלד, וואָס מיר וועט נאָך אויסקומען צו ריידן וועגן אים. דאָ גיב איך איבער גרינ־פעלדס א גבית־עדות וועגן דעם ענין: —

„... ווען די אַקציעס האָבן זיך פאַרשטאַרקט, האָט מען געזען, אז קיינער וועט ניט ניצל ווערן פון טויט. איך האָב אָנגעהויבן צו טראַכטן ווי אזוי צו באַ־

קומען ארישע פּאַפּירן פאַר מיין פרוי און פאַר אנדערע. וויסנדיק אַז אין ארכיוו פון דער סטאַראָסטווע געפינען זיך עמיגראַנטן־דאָקומענטן, האָב איך גענומען קלערן ווי אַזוי ארויסצובאַקומען פון דאָרט אָט די דאָקומענטן. איך האָב געפּרוּווט אָנ־בינדן אַ קאָנטאַקט מיט פאַרשיידענע באַאַמטע, עס האָט זיך אָבער ניט געפונען קיין דרייסטער צווישן זיי. די צייט האָט געאיילט און איך האָב באַשלאָסן אַליין צו ארייַנבאַקומען זיך אין ארכיוו. ווען מיר איז שוין געלונגען צו זיין אינעווייניק, האָב איך טאַקע געפונען דעם נעהעריקן פּעקל דאָקומענטן. באַלד איז מיר דאָרט טאַקע איינגעפאַלן, אַז איינגטלעך קען איך דאָך שוין אויך אנדערע באַזאָרגן מיט אַזעלכע דאָקומענטן. איך האָב אָנגעהויבן פּאַקן אָריגינעלע געבורטשיינען, פּעסער, בירגער־שאַפט־באַשטעטיקונגען אא"וו. אונטער די הענט איז ביי מיר אַזוי אויסגעוואַקסן אַ פּעקל פון אַ קילאָ 20, און איך האָב דערמיט געוואָלט ארויס דורכן פענצטער, ווו עס איז געווען צוגעשטעלט אַ לייטער. איך שטעק ארויס דעם קאָפּ פון פענצטער— ניטאָ דער לייטער! עס האָט אים אַפּנים ווער באַמערקט און אים אַוועקגענומען... די שרעק וואָס איך האָב איבערגעלעבט איז ניט צום באַשרייבן. איך האָב זיך פאַר־טראַכט ווי אַזוי באַקומט מען זיך ארויס פון דער געז. ניט לאַנג איז מיר אויסגע־קומען צו פּלאָגן זיך מיט די כמורנע געדאַנקען. איך האָב באַמערקט אַז דער וועכ־טער איז אַוועק אין זיין הויז (ער האָט געוווינט אויפן הויף פון דער סטאַראָסטווע). האָב איך אָפּגעוואַרט ביי אַ האַלבע שעה, און דאַן ארויסגעוואָרפן דאָס פּעקל דורכן פענצטער, און אין אַ ווײַלע ארום בין איך אַליין ארויסגעשפּרונגען, פון ערשטן שטאָק. צום גליק בין איך גוט געשפּרונגען.

ביי דער מיטהילף פון יצחק בעקמאַן, וועלכער איז געווען אַ צייכענער און גראַווירער, האָבן מיר נאָכגעמאַכט פאַרשיידענע שטעמפּלען, די אַלטע פאָטאָ־גראַפיעס פון די דאָקומענטן האָבן מיר אַראָפּגעריסן און אויף זייער אָרט ארויפ־געקלעפּט נייע, און זיי ריכטיק איבערגעשטעמפּלט. אַזוי ארום איז אין סקאַלאַט אנטשטאַנען אַ פאַבריק פון פאַלשע פּעסער. אין משך פון דריי חדשים האָב איך אויסגעאַרבעט פּעסער פאַר איבער 500 יידן. עס זיינען געקומען יידן פון טאַרנאָ־פּאָל, טשאָרטקאָוו, און אפילו פון לעמבערג, כמעט פון גאַנץ מיזרח־ קליין־פּוילן. אין גאַנג פון דער אַרבעט איז מיר נאָך אויסגעקומען צו ארייַנגנבענען זיך אין אַר־כיוו נאָך אַ פּאָר מאָל. —

צו אַלע דאָקומענטן פלעגט מען דאַרפן האָבן אויסמעלד־שיינען פון דער

גמינע, פאר וועלכער איך פלעג צאָלן דעם באאמטן טשאפקאָווסקי צו 250 זלאָטעס א שטיק. איך ווידער האָב גענומען פון 500 ביז 1000 זלאָטעס פאר א גאנצן קאָמ־פלעט. אין זייער פיר פאלן האָב איך ארויסגעגעבן אומזיסט. עס זיינען געווען פאלן, ווען אפילו די רייזע־הוצאות זיינען געפאלן אויף מיר.

א כאראקטעריסטישע געשיכטע איז געווען מיט איינעם קאָוולענץ, גע־שטאמט אליין פון קאָמאָרויץ און געוווינט אין סקאלאט. קאָוולענץ איז אריינגע־פאלן אין קאצעט; צו מיר האָט זיך געווענדט מאניאס אז איך זאָל פאר קאָוולענצן מאכן אן אמאָליקן פוילישן פאס, קיין אנדערע דאָקומענטן האָט ער ניט פארלאנגט. קאָוולענצן איז געראָטן צו אנטלויפן פון לאגער און קומען קיין ווארשע. ווען אין פוילן איז ארויס די פאראָרדענונג אז יעדער ארישער בירגער מוז באזיצן א קענ־קארטע, האָט ער זיך אויך דאָס געמוזט פארשאפן. ניט האָבנדיק קיין געבוירן־מעטריקע און קומענדיק אויפילן די גייטיקע אנקעטעס צום באקומען א קענקארטע, האָט ער ניט לאנג געטראכט און אויפגעגעבן די נעמען פון די עלטערן: יוזעף און מאריא (אין די אמאָליע פוילישע פעסער זיינען ניט געווען אָנגעגעבן די נעמען פון די עלטערן). גלייכצייטיק האָט ער זיך געווענדט צו מיר, צו באזאָרגן אים א מעטריקע לויט זיינע אָנגעגעבענע נעמען פון טאטע—מאמע. די גאנצע צייט האָט ער געטראכט וואָס צו מאָן אויב ער וועט בכלל ניט באקומען די מעטריקע, ווייל איך האָב ניט געקענט לעבן, אָדער אין בעסטן פאל קענען די נעמען ניט שטימען. ווי גרויס איז געווען זיין פרייד ווען אין דער מעטריקע, וואָס ער האָט פון מיר דער־האלטן האָט ער געזען שווארץ אויף ווייס אויפגעשריבן די נעמען פון „זיינע" על־טערן: יוזעף, מאריא (איז עס ניט קיין נס!).

פון די מיר באקאנטע פערזאָנען זיינען אדאנק מיינע דאָקומענטן געבליבן לעבן: פרוי פעי מיט אירע צוויי טעכטער, געבוירן אין אוישוויץ, לעצטנס אין קראָקע; פרוי דאָקטאָר צילא ראטהאוזער מיט איר טאָכטער פאָליא פון גזשימא־לאָוו, לעצטנס אין דייטשלאנד; סידזשיא ברוסט, אייניקל פון מאני טענענבוים, לעצטנס אין גלייוויץ; דעם אפטייקער שאָרם מאָכטער פון פאָדוואָלאָטשיסק, לעצטנס אין ריישע; מיטא שענבערג, לעצטנס אין וואהשע; מג"ר בומעק רום, לעצטנס אין ברעסלאו, ד"ר פרידריך סאס, לעצטנס אין ליגניץ, די טעכטערל פון נירלערן און אייניקל על‏פענבוימס, לעצטנס אין שטעטין; פריילן וואסערמאן, איצט אין אמעריקע; די מאניאסעס, איצט אין אמעריקע; וולאדיא יאוועך; משה סאפיר

און נאָך א סך אנדערע, וואָס איך האָב געהערט װעגן זיי, אָבער איך ווייס ניט ווו זיי לעבן איצט.

לײדער איז מיין איינענע פרוי, רוזשע, געבוירענע גלאסנער פון גזשימאָ־לאָוו, אומגעקומען מיט די ארישע פאפירן. ווי אויך איר קוזינע נעניא שיפמאן פון בודזשאנאָוו. זיי זיינען ביידע צוזאמען געוועזן ארויסגעפאָרן פון סקאלאט דעם 28סטן אָקטאָבער 1942, און זיינען אומגעקומען ארום זשאָלקיעוו אין יוני 1944, קורץ פאר דער באפרייאונג. עס זיינען אויך אומגעקומען סיוניא קאנארעק, דער זון פון זושע, בומא, די טאָכטער פון הענריק וויינבערג, פיינע קאטשאָר און נאָך אנדערע, וואָס איך געדענק ניט זייערע נעמען.״ —

## ווײַנענדיקע קברים

עס האָט קיין סוף ניט גענומען צום יידישן אומגליק. די שרעקלעכע טעג, די נוט־באַקאַנטע אקציעס און אויסזידלונגען, זיינען געקומען איינס נאָכן אנדערן, נאָר מיט קלענערע אָדער עטוואָס גרעסערע הפסקות. יעדעס מאָל זיינען מענטשן אין די הונדערטער און טויזנטער ברוטאַל ארויסגעריסן געוואָרן פון שטעטל, און מען האָט לכתחילה אפילו ניט געוווּסט, וווּהין מען האָט די קרבנות פארשלעפּט. דאָס הייפל יידן איז געוואָרן יעדעס מאָל קלענער. און כאָטש די שטענדיקע מורא פאַרן טויט האָט געעקבערט די מוחות, האָבן די נאָך לעבעדיקע כסדר געהאָפט אויף עפּעס אַן אומדערוואַרטעטער רעטונג. די יידן אין יענער צייט זיינען בכלל געווען באַ־הערשט פון אָפּטימיסטישע געפילן, וואָס האָבן געשטאַרקט דעם ווילן און מוט צום לעבן. יידן האָבן געגלייבט אז עס מוז קומען א נס!

נאָך יעדער דורכגעפירטער אקציע האָבן די על־פּי־נס געבליבענע אין שטעטל געטענהט, אז דאָס גרויסע אומגליק איז געווען א נייטיקער קרבן, וואָס נאָר גאָט אליין קען עס וויסן. איצט וועט שוין אָבער מוזן קומען עפּעס גוטס. משיחס צייטן זיינען דאָך אויך פארבונדן מיט חבלי־לידה און שפיכת־דמים; גרוויזאַמע טעג פון חוצפּה און אומרעכט אויף דער ערד. ווייל איז אָבער דעם מענטשן, וואָס וועט דורכהאלטן און דערלעבן דעם גאָט־געבענטשטן טאָג וואָס קומט, וואָס מוז קומען!

זאָל דאָס ניט קלינגען אויסטערליש און אומגלייבלעך. ווי איך האָב שוין דערציילט אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך, בשייכות מיט די אקציעס, האָבן זיך כמעט פאר יעדער שחיטה געפונען בעלי־חלומות און נבואה־זאָגערס, וועלכע האָבן מיט בלערליי סימנים און רמזים פאָרויסגעזאָגט א טאָג, אין וועלכן די ישועה וועט באַשטימט קומען!

ווי פאַטאַל דאָס איז אָבער געווען, אז גראָד אין די פאָרויסגעזאָגטע טעג זיינען פאָרגעקומען די גרעסטע אקציעס און מאסן מאָרדן. צו יענער צייט איז אויפגעקומען דאָס פּיל־זאָגנדיקע ווערטל: „ווינטשט מיר וואָס איר ווילט, אבי ניט קיין ישועה!" —

אויך די געשיכטע פון די „ווייגענדיקע קברים," ווען וואָס עס ווערט דאָ באַלד דערציילט פאַלט צוזאַמען מיט אַ טאָג פון ישועה, וואָס האָט געגוי אין דער זעלבער צייט, לויט אַ פּאַטאַלער גביאה, געדאַרפט קומען אויף די יידן.

דאָסמאָל האָט בערל דעם רבס (אַ זון פונעם באַקאַנטן רב און אגודה־פירער ר' בנימין וואָלאָוויטש), אויסגערעכנט בגמטריה על פּי הקבלה, אַז אם ירצה השם ב' ניסן תש"נ קומט די ישועה.

בערל דעם רבס איז געווען אַ פאַרחלומטער, אַ בחור פון אַ יאָר 20. ער האָט אין זיך פאַרקערפּערט אַלע מעלות און מידות טובות: אַן עניו, גוטהאַרציקער, אַ דרשן, אַ בעל־תפילה, אַ בעל־קריאה, אַ בעל־תקיעה, דערצו אויך אַ גרויסער למדן און בעל מקובל. אים זיינען אויך ניט געווען פרעמד די מאָדערנע וויסנשאַפטן, ווי מאַטעמאַטיק, פיזיק, אַסטראָנאָמיע און פילאָזאָפיע. מיט איין וואָרט, אַ נייענ־דיקע ענציקלאָפּעדיע. — אין די שווערסטע מינוטן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען יידן האָבן נעקרעכצט און נעבלוטיקט נאָך די גרויסע אומגליקן, האָט בערל דעם רבס יעדערן געטרייסט. ניט איינמאָל האָט ער אויך מיט מיין פאָטער נאַנצע שעהן עוסק געווען אין תורה און קבלה, און שטענדיק האָבן זיי געפונען אינעם מיט־היים אַ טרייסט און אַ טיפן זין פאַרן טרויעריקן גורל... און אָט האָט בערל פון דער קבלה אויסנעפונען, אַז ב' ניסן איז דער גרויסער טאָג, די אַנטפּלעקונג פונעם גרויסן סוד!

די בשורה פון בערלען האָט זיך געלייגט ווי אַ היילונג אויף די פאַרטייעטע הערצער, ווי אַ באַלזאַם אויף די יידישע ווונדען. דאָס שטעטל האָט פרייער אָפּגע־אָטעמט. האָפענונג און גוטע דערוואַרטונג האָבן אָנגעפילט די פאַרטרויערטע הער־צער און געשטאַרקט דעם נייסט. אַ קלייניקייט עפּעס, בערל דעם רבס, אַזאַ בעל־מקובל און בן תורה האָט אַליין געזאָגט!.. און עס איז שוין טאַקע די העכסטע צייט, דער אייבערשטער זאָל זיך מרחם זיין אויף זיין אויסדערוויילט פאָלק! די ישועה מוז טאַקע קומען! . . . אגב האָט טאַקע דער דייטש דאַן געכאַפּט די גוטע מפּלות אין אפריקע; עס איז אויך געווען נאָך סטאַלינגראַד. זאָל נאָר דער רבונו של עולם איצט געבן דעם לעצטן שטופּ, — און אַ סוף צו אונדזערע צרות!.. האָבן די יידן פיבערהאַפט געוואַרט און אומגעדולדיק נעהאָפט אויף דעם נאָט־געבענטשטן 2טן טאָג פון חודש ניסן.

נאָך גרויסער שפּאַנונג און פרייידיקער האַרצקלאַפּעניש איז געקומען דער

פרילינג־טאָג. דער 7טער אפריל 1943. דער טאָג איז געווען אזוי זוניק און ליכטער, ווי אַנגעמאָסטן צו דער דערפילונג פונעם שענסטן טרוים.

פלוצלונג האָט אָבער אָנגעהויבן הילכן א כסדרדיקע שיסעריי פון נאָענט און ווייט. מיט דערשראָקענע הערצער האָט מען געפילט, אז עס קומט עפּעס שרעק־לעכס. אלע ביז איצטיקע שחיטות האָבן זיך אזוי אָנגעהויבן . . .

יאָ, אין דעם טאָג איז ארויס דער באפעל דורכצופירן די ענדגילטיקע אויס־טאָרדונג פון די נאָך איבערגעבליבענע יידן. דאָס שטעטל האָט היינט באַראַפּט ווערן „יודענריין“. דריי פול געפּאקטע לאסט־אויטאָס מיט ס"ס זיינען אראָפּגע־קומען פון טארנאָפּאָל. צו הילף האָבן זיי געגומען די היגע דייטשן און אויך די אוקראַאינישע מיליץ. דאָס שטעטל איז פון אלע זייטן ארומגעשטעלט געוואָרן מיט א וואך, עס זאָל חלילה קיינער גיט אנטלויפן. ווי די שדים זיינען די מערדערס ארומגע־לאָפן צווישן די געסלעך און הייזלעך, געזוכט און געגישטערט, געשלעפּט, געריסן ביי די האָר און געשאָסן אין די מענטשן, וועלכע האָבן זיך געלאָזן לויפן בלייכע און צעשראָקענע, אליין ניט וויסנדיק וווהין. „קאָם מיט, קאָם!“ — האבן די תליונים גע־שריען צו זייערע קרבנות — „זאָנסט קנאל איך דיך גידער!“.

נאָך א האלבן טאָג ארומבושעווען האָבן זיי צונויפגעזאמלט אין דער גרוי־סער שול קרוב 700 נפשות, מענער, פרויען און קינדער. ביי יעדער אקציע האָט שוין דער בנין געדינט פאר א זאמלפּונקט.

צווישן די צונויפגעשלעפּטע קרבנות אין שול האָט זיך אויך געפונען בערל דעם רבס.

מיט א פּאָר וואָכן פריער האָט מען געהאט באפוילן די לאגער־יידן אויס־צוגראבן אויף א פעלד הינטערן שטעטל דריי גרויסע גריבער. מען האט זיי געזאגט, אז די גריבער זיינען באשטימט פאר סופּערפּאָספּאט־רעזערוואַרן, צו די פעלד־אר־בעטן אין פרילינג. עס איז קיינעם פון די יידן ניט איינגעפאלן, אז דאָס גראָבן זיי פאר זיך אליין קברים. פארקערט, זיי האבן גאָר געהאלטן, אז מען וועט זיי אין קומענדיקן סעזאָן באשעפטיקן, אזוי ווי פאראיאָרן. זייענדיק איצט אין שול, האבן זיי שוין פארשטאנען, אז דאָס זיינען פאר זיי אנגעגרייט דריי קברים.

די שול איז געווען אזוי אָנגעפּאקט, אז מען האט פשוט ניט געקענט כאפּן דעם אטעם. איינגעפּרעסט ווי הערינג זיינען די אומגליקלעכע געשטאנען און מיט שרעק געוואַרט אויף דעם וואָס דארף באלד קומען. דער טויט־געדאנק האָט געזויגן דעם

מארך און דם־התמצית. א טייל האבן געזאָגט תהילים, א טייל ווידוי, א טייל האבן נערוועז געיאָמערט, אנדערע זיינען געשטאנען ווי פארשטיינערט און ניט געקענט ארויסברענגען קיין וואָרט. אין שול איז געווען א היץ ווי אין גיהנום, פון אלעמען האָט גערונען דער שווייס. עס האט געטריקנט אין מויל און די צונג איז געווען איינגע־פרעסט, ווי אין בליי. „גאָט אין הימל, זיי זיך מרחם!“

בערל דעם רבס האָט זיך מיט די עלנבויגנס געמאכט א וועג דורך דער ענג־שאפט און איז ארויף אויפן בעלעמער. ער האָט א קלאַפּ געטאָן אין שולחן און אָנ־געהויבן ריידן: „רבותי, היינט איז אונדזער יום־הדין. מיר גייען צום טויט. נאָר לאָמיר זיך שטארקן. קידוש השם איז מכפר עוונות. מיר טאָרן זיך ניט אנטקעגנ־שטעלן דער השגחה...“ דער נביאות־זאָגער פון דער ישועה אויף דעם זעלבן טאָג טרייסט דעם עולם מיט הייליקע ווערטער. אָבער גלייך ברעכט ער צוזאמען. עס ווערגן אים די טרערן, זיין שטים ווערט שוואכער, עס הערט זיך ווי א געמורמל פאר שופר בלאָזן, און אָט פארשטייט מען שוין גארניט. —

דאָס ווילדע געשריי פון די דייטשן האָט געמאכט אויפציטערן דעם גאנצן עולם. ביים טויער האָבן מחנות ס"ס גענומען מאכן די הכנות צום לעצטן מארש. עס איז יעדנס הארץ ווי פארגליווערט געוואָרן. עס האָט זיך איינגעשטילט דער רעש און עס האָט זיך אין דער רגע געדאכט, ווי מען הערט דאָ די טריט פונעם מלאך־המות. „קאָמט, קאָמט, איר קינדער דעם טאָדעס“ — האָבן זיי באלד ווידער גע־שריען. אלע האָבן זיך געשטופּט צום ארויסגאנג, ווי צו א דערלייזונג, ווייל יעדער האָט געגארט נאָך א ביסל פרישער לופט. אויף די קעפּ פון די אומגליקלעכע זיינען געפלויגן קלעפּ פון ביקסן־קאָלבעס און גומי־שטעקנס.

מען האָט אויסגעשטעלט די יידן צו 5 אין א ריי. באלד זיינען אויך אָנגעקו־מען 7 פורן מיט שווער קראנקע, געבראכטע פונעם יידישן שפּיטאָל, צוזאמען מיטן פערסאָנאל. מען האָט געציילט די קרבנות. אין פּאָליש פון דער שול זיינען געלעגן צען קינדער אין וויקעלעך. די מיליציאנטן האָבן זיי ארויסגעבראכט און גע־האַלט זיי אריינצוציילן אין דער אלגעמיינער צאָל. דער געשטאפּאָ־שעף הערמאן מילער האָט געזאָגט, אז זיי דארף מען ניט ציילן, נאָר געהייסן זיי ארייננווארפן צווישן די קראנקע אויף די פורן.—

אונטער ווילדע געשרייען פון די אונטערטרייבערס האָט זיך די קאָלאָנע גערירט פונעם אָרט. פון אלע זייטן באוואכט דורך אן ערך 100 דייטשן און אוק־

ראינער, האָט זיך די „פּראָצעסיע“ געשלענגלט דורך שמאָלע און ברודיקע געסלעך, וועלכע האָבן געפירט צום גאַלגאַטאַ-פּלאַץ. אויף דער גאַנצער לענג פונעם וועג זיינען אויף ביידע זייטן געשטאַנען מהנות צוקוקערס, וועלכע האָבן באַגלייט די אומגליקלעכע מיט בליקן פון צווייפלהאַפטער רחמנות. מיט פאַמעלעכע טריט ווי זקנים, קוים שלעפּנדיק די פיס זיינען די אומגליקלעכע טרויעריק אין שטום געגאַנגען אויף דער אייגענער לוויה. טרערן זיינען דאָ און דאָרט געפאַלן אונטער די טריט. די פורן מיט די קראַנקע זיינען פון הינטן נאָכגעפאָרן, און די קליינע קינדערלעך האָבן געוויינט אָן אויפהער. אין דער לופט זיינען פון אַלע זייטן געפאַלן שאָסן, וועלכע האָבן געוואָרנט: „זאָל נאָר עמעצער פּרוּוון אַנטלויפן!“

ביי די דריי אָפענע קברים האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט, און די תליונים האָבן זיך גענומען גרייטן צו דער בלוטיקער אַרבעט.

מען האָט אויסגעשטעלט די יידן אין א לעבעדיקן קוואַדראַט. די קראַנקע און די גאָר קליינע קינדער האָט מען געהייסן אַוועקליינן אָן א זייט. די 18 יידישע מיליציאַנטן האָט מען געצוווּנגען אָנטייל צו נעמען אין דער אַרבעט. דערפאַר האָט מען זיי פאַרשפּראָכן צו שענקען דאָס לעבן.

עס איז געפאַלן דער ערשטער באַפעל: „אויסטאָן זיך נאַקעט! די קליידער ליינן אין איין הויפן!“ די יידישע מיליציאַנטן האָבן אונטערגעטריבן, מען זאָל זיך וואָס גיכער אויסטאָן. די וואָס האָבן זיך קעננגעשטעלט האָבן באַקומען מוראַדיקע קלעפּ. אויף דער ערד האָט זיך אויסגעשפּרייט א פאַרביקער טעפּיך פון קאָלירטע פּאַפּירלעך. דאָס האָבן די מענטשן צעריסן זייער געלט וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיך, כדי עס זאָל ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון די רוצחים. אונטער א געוויין פון קינדער און „שמע-ישראל“ האָבן זיך אָפּגעשפּילט שרעקלעכע סצענעס, און די תליונים האָבן ווילד געשריען: „שנעלער, שנעלער!“... דער קליידער-באַרג איז געוואַקסן מיט יעדער מינוט. מענער, פרויען און קינדער זיינען געשטאַנען טויטער נאַקעט און געציטערט פאַר קעלט.

בערל דעם רבס האָט זיך איינגעקשנט און פאַר קיין פאַל זיך ניט געלאָזט אויסטאָן. א דייטש האָט אים א פאָר מאָל דערלאַנגט איבערן קאָפּ, אַז ער איז געפאַלן א צעבלוטיקטער אויף דער ערד. דאַן האָט ער באַקומען א פאָר שטויסן אין בויך. ער האָט נאָך באַוויזן אויסרופן „שמע-ישראל“, געגעבן א קרעכץ און אויסגעהויכט זיין נשמה אויפן באַרג פאַרבלוטיקטע מלבושים. דער דייטש האָט געקאַטשעט דעם

בר־מינן מיט די פיס ביז צום ראנד פונעם קבר, פון וועלכן עס האָט באלד פאר־ דומפן אָפּגעהילכט דאָס שווערע פאלן פון בערלס קערפּער. בערל דעם רבס האָט מנצח געווען. ער איז געפאלן דער ערשטער פון די מערדער־הענט און געלעגן אין קבר אָנגעטאָן אין רויטע תכריכים. אין זיין טאש ביי דער ברוסט איז געלעגן זיין תפילים־זעקל, מיט וועלכן ער האָט זיך קיינמאָל ניט געשיידט.

יאנקא מרגלית, א טיפּיש יידישע שיינהייט, האָט זיך אויך אָפּגעזאָגט אויס־ צוטאָן. מען האָט זי צעשלאָגן ביז בלוט, זי האָט אָבער ניט נאָכגעגעבן. דער מילי־ ציאנט קובא מיקדען, זעענדיק זיין פרוי, קינד און שווינער שטיין שוין אויסגעטאָן צום טויט, האָט זיך פרייוויליק אוועקגעשטעלט צום שיסן, כאָטש די מיליציאנטן האָבן געהאָפט, אז זיי וועלן בלייבן לעבן. יחידים זיינען נאקעטע ווי די קעלבער געפאלן אויף די קני צו די פיס פון די תליונים און געבעטן רחמים. דער ענטפער אויף אזא פארלאנג איז געווען א שטויס מיטן פוס איבערן קאָפּ. יאָסל טענענבוים, א גוטבאזיצער, דער איינגעטימער פון דעם פעלד, אויף וועלכן עס איז פאָרגעקומען די שחיטה, האָט זיך דורכגעשטופּט צום עלטסטן פון די מערדער און אים געבעטן גנאָד פארן פרייז פון זיין אוצר, וואָס ער האָט געהאט ערגעץ באגראָבן. ער איז שוין גרייט געווען צו גיין ווייזן, וווּ דער אוצר געפינט זיך, א האק מיט דער קאָלבע אי־ בערן קאָפּ האָט אים אָבער אוועקגעלייגט א טויטן.

פלוצלונג האָט די גימנאזיע־לערערין מג"ר רוזשיא פיקהאָלץ אָנגעהויבן ריידן צו דער נאקעטער עדה: „איך רוף אייך צו אויסגעהאלטנקייט און מוט, מיר שטארבן היינט ווי אומשולדיקע מענטשן...“ — „איהר זייד קיינע מענטשן!“ — רייסט איר איבער דער ס"ס־שטורמפירער און גיט איר א פייערדיקן פאטש אין פּנים אריין. „יעצט רעדע ווייטער, דו הורען־פרוי!“ — די רעדנערין גיסט אויס איר ווײ־ טיק און צאָרן אויף די קעפּ פון די דייטשע מערדער: „איר מיינט, מיר האָבן ניט קיין נקמה־פרייד... מיר ווייסן, אז אייער סוף איז נאָענט; עס וואַרטן אויף אייך גאנצע וועלדער מיט תליות!“... דאָס האָט דער דייטש שוין ניט געקאָנט פאר־ טראָגן. עס פליט א קויל גלייך אין הארץ פון דער נאקעטער רעדנערין, און שוין ליגט זי א טויטע אויף דער ערד. דער עולם איז איר מקנא די זכיה פון אזא לייכטן טויט.

און אָט איז ווידער געפאלן א באפעל: „שנעלער, שנעלער, פערטיג מאכען! יע 4 מאן גיעדערקנאלען“. צוערשט האָט מען איבער 60 קינדערלעך און קראנקע

לעבעדיקערהייט אַריינגעוואָרפֿן אין די גריבער, פֿון וואַנען עס האָט זיך באַלד דערהערט א געוויין. אפרים שפּאַצירער, דער מיליציאַנט, וועלכער האָט אַריינגעוואָרפֿן זיינע אייגענע צוויי קינדער, איז דאַן אַליין נאָכגעשפּרונגען אין גרוב אַריין. דאַן האָט מען אויסגעשטעלט ביי יעדן קבר צו 4 מאַן איינער הינטער דעם אַנדערן. 3 ס״ס האָבן אַריינגעצילט אין יעדן צו איין פּיסטאָלעט-שאָס, און ניט געקוקט צי די קוילן האָבן געטראָפֿן אָדער נישט, האָבן זיי מיט די הענט אַריינגעשטופּט אין קבר אַריין די מענטשן, פּיל כמעט נאָך לעבעדיקע. און וואָס מער עס זיינען געפֿאַלן קערפּערס, אַלץ מער האָט מען פֿון די קברים אַרויסגעוויינט. 2 שעה אָן אויפֿהער איז אָנגעגאַנגען די בלוטיקע אַרבעט. כדי אָבער וואָס גיכער צו פֿאַרענדיקן, האָט מען געשיקט ברענגען נאָך א מאַשין-געווער, ווייל די מערדערס האָבן זיך געאיילט צו דער אָנגעגרייטער סעודה. דאָס געבראַכטע מאָרד-געצייג האָט מען באַשטירט מיט לאַנגע באַנדן קוילן, און איצט האָט מען שוין ביי די ראַנדן פֿון די קברים געשטעלט צו 10 קרבנות, וועלכע זיינען אונטער א געניטער מערדער-האַנט געפֿאַלן ווי צייטיקע זאַנגען אונטער דער קאָסע פֿון שניטער. דאָס מאַשין-געווער האָט געשפּריצט מיט פֿייער, און די קברים — מיט פֿרישן, הייסן בלוט. אין די דריי גרויסע קברים זיינען געוואַקסן די הויפֿנס פֿון צאַפּלדיקע מענטשן. א שמע-ישראל האָט אַרומגעשוועבט איבער די קברים, פֿון וועלכע עס האָבן זיך דערטראָגן שרעקלעכע קולות פֿון די נישט-דערקוילעטע האַלב לעבעדיקע מענטשן.

ביי דער אַקציע אין שטעטל האָבן די דייטשן געהאַט אויפֿגעפֿאָדערט, אַז אויך דער גאַנצער יודענראַט מיט זייערע פֿאַמיליעס זאָלן זיך 1 א זייגער ביי טאָג אויסשטעלן לעבן דער שול. א טייל פֿון יודענראַט האָט זיך אויסבאַהאַלטן און א טייל, גראָד אויך די רואיקערע און מער לייטישע, ווי ד״ר קראָן, יוסף לויפֿער, נחום סאַפּיר, לייבוש דעגען, יעקב שאַרף, זיינען מיט זייערע משפּחות אויך אַריינגעפֿאַלן אין דער אַקציע. קומענדיק צום פּלאַץ פֿון די אָפֿענע קברים, האָבן די דייטשן אויסגערופֿן, אַז אַלע פּונעם יודענראַט זאָלן זיך שטעלן אָן דער זייט. דער יודענראַט האָט געמוזט צוקוקן דעם גאַנצן פֿאַרלויף פֿון דער שחיטה און דערנאָך פֿאַרשיטן די קברים און מיט די פֿיס איינטרעטן די בלוט-פֿייכטע בערגלעך ערד מיט די באַוועגלעכע מענטשן-גלידער. צום ענדע האָט מען זיי צוזאַמען מיט די יידישע מיליציאַנטן אויך אויסגעשטעלט צום שיסן. עס זיינען געווען דערביי ניט ווייניק דראַמאַטישע מאָמענטן. מענטשן זיינען געפֿאַלן נאַקעטע צו די פֿיס פֿון

זייערע באקאנטע דייטשן און געבעטן רחמים. די דייטשן האָבן אָבער נאָך געמאכט חוזק און מערדערלעך געשלאָגן. די זעלבע מאשין־געווער, וואָס האָט פארשלונגען די גאנצע עדה יידן, האָט געמאכט א סוף צו די לעבנס פון די געטאָ־טוערס, וואָס האָבן ביז דער לעצטער מינוט געגלייבט, אז זיי וועט מען דאָך לאָזן לעבן.

אונטער דעם גיט אויפהערנדיקן געוויין פון די קברים־ארויס האָבן די אוק־ראינישע מיליציאנטן פארשאָטן דעם דריטן קבר. דאן האָבן זיך די תליגים ווי די היישעריקן געווארפן אויף די קליידער, באטאפט, באזוכט יעדן מלבוש און גע־שמעקט אין זייערע קעשענעס דאָס יידישע גאָלד און אנדערע ווערט־זאכן. זיי האָבן זיך אויפגעלאָדן די קליידער אויף אויטאָס און אוועקגעפאָרן, איבערלאזנדיק דער ערד א מתנה — 3 פרישע וויינענדיקע קברים, וועלכע האָבן זיך געהויבן ווי צע־וויגטע כוואליעס. דאָרט אין די קברים אונטער דער ערד האבן זיך געפלאכטן מענטשלעכע גלידער, געריסן, געביסן איינער דעם אנדערן, גיט געפינענדיק קיין רו. די קברים האָבן געקרעכצט און געוויינט...

גרויסע מחנות שווארצע קראָען, וועלכע האָבן דערשפירט דעם ריח פון בלוט, האָבן ארומגעשוועבט ווי צעפלאטערטע שווארצע פענער...

אויף מאָרגן האָבן די פויערים פון א שכנותדיקן דאָרף געהערט פון דער ווייטנס מענטשלעכע געוויינען און קרעכצן. אויפן דריטן טאָג האָבן דורכגייערס ווידער געהערט די געוויינען, און זיי האָבן זיך איבערצייגט, אז דאָס וויינען די האלב לעבעדיקע מענטשן־קינדער אין די שלעכט פארשאָטענע קברים. עטלעכע פויערים פון שכנותדיקן דאָרף נאָוואָסיאָלקע האָבן באלד אויפגעזוכט דעם יידן דוד עפּ־שטיין און אים דערציילט, וואָס מען זעט ביי די קברים און אז מען האָט דערקענט זיין 17־יאָריקע טאָכטער, וועלכע האָט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון קבר און גע־רופן נאָך הילף. מען איז גלייך אהין אוועק, און באמת געפונען נאָך א לעבעדיקע דוד עפשטיינס טאָכטער און נאָך 2 קינדער, וואָס האָבן ארויסגעוויזן סימנים פון לעבן. די קינדער זיינען אָבער אויף מאָרגן געשטארבן. דאָס מיידל האָט נאָך גע־לעבט א וואָך צייט. זי האָט דערציילט, וואָס עס האָט זיך געטאָן אונטער דער ערד. ווי אזוי לעבעדיקע מתים האָבן זיך געשטופּט, איינער דעם אנדערן געביסן און מיט די נעגל אייגער דעם צווייטן די הויט געריסן. זי האָט דערצו אויך איבערגע־געבן דעם גאנצן פארלויף פון דער אקציע.

---

די וויינענדיקע קברים געפינען זיך אין ערך 3 ק"מ הינטער סקאלאט, ביים רעכטן זייט וועג וואָס פירט צום דערבייאיקן דאָרף נאָוואָסיאָלקע. ביי 100 מעטער ווייטער פון די מאסן־קברים וואקסן אין א מיטן פעלד הויכע טאָפּאָליעס. פון ווייטן קוקט ארויס, ווי א טונקעלער שטריך, דער ראנד פונעם הארעס־וואלד, וואָס ליגט אין ערך צוויי ק"מ פון דאנען. — און כאָטש זיי זיינען אויף אייביק פארשטומט גע־וואָרן, די וויינענדיקע קברים, דאָך שרייט און דערציילט דאָס אָרט און נאָך צענד־ליקער און הונדערטער ערטער אזוינע. — זיי שרייען, דערציילן און מאָנען פיל, גאָר פיל. —

די וויינענדיקע קברים האָבן פאר אונדז נאָך נישט אויפגעהערט צו וויינען.



א קלייד פון א טלית.



גאליציע. אוקראינישע פּאָליציסטן צווינגען יידן צו צעשטערן מצבות
אויפן יידישן בית=עלמין אין א שטעטל לעבן לעמבערג.
איבערגעגעבן דורך י. זעמאן

## עס בונטעווען זיך מצבות·

בשעת אין די דערפער ארום סקאלאט איז אָנגעגאנגען די לעצטע מאָרד: שיקסעס אנגעטאנענע אין ספאדניצעס (קליידער) מיט שווארצע פּאסן, אויפגע־נייטע פון געראבעוועטע טליתים, — האָט זיך שוין אויפן נוישן האנדלס־מארק געפילט א גרויסער מאנגל אין פארמעט־יריעות פון ספרי־תורות. די שוסטערס האָבן דעם ארטיקל שוין פון לאנג פאראַרבעט אויף פוטער און פּאָדקלייקעס צו טויזנטער שטיוול און שיך. עס האָבן זיך נאָך בלויז ארומגעוואלגערט אויפן מארק־פּלאַץ און אין די קעסלער, צווישן די יידישע חורבות, בערג גאנצע מיט ספרים, שמות פון גמרות ביז מחזורים, און יעדער האָט פון דעם גענומען וויפל עס האָט זיך נאָר געוואָלט. ווען ביי מאלעצקין אין דער „רוישטאָף־ערפאסונגס־ברינאַרע“ האָבן נאָך געארבעט יידן, וועלכע פלעגן צונויפזאמלען גרעסערע קוואנטומס יידישע ספרים, וואָס פלעגט פארקויפט ווערן ווי מאקולאטור אין לעמבערג, פאר 8 גראָשן א קילא, איז דאָס נאָך געווען אן ארטיקל. נאָכדעם ווי מען האָט די יידן פון דאָרט פארנומען ביי דער לעצטער שחיטה און עס איז ניט געווען ווער עס זאָל דערביי ארבעטן, האָט מען שוין מער מיט דעם הפקר־ארטיקל ניט געהאנדלט. דאָס האָט שוין בלויז גע־דינט פאר פּאק־מאטעריאל אין די שטעטלשע געוועלבער, און אויך פאר ווייניקער דעלי־קאטע צוועקן.

יעדער פון די נויים האָט שוין געוווּסט, אז יידן וועלן ביז צום לעצטן אויס־געמאָרדעט ווערן, עס טאָר אפילו קיין זכר פון דער יידישקייט ניט בלייבן. דערפאר מעג מען יידישע בנינים צעשטערן, אויך דעם בית־הקברות פארניכטן. און די ארישע באפעלקערונג האָט מיט סאדיסטישער נקמה־פרייד אויסגעפירט אָט די פיינע ארבעט. מיט די לעבעדיקע איז מען דאָך שוין באלד פארטיק, קומט איצט די ריי אויף די טויטע...

מצבות, ארויסגעשלעפטע פון בית־עולם, האָבן צעזייטע און צעשפרייטע ארויסגעשריגן מיט הייליקע אותיות פון טראָטוארן און וועגן. דעם טיפן געשריי פון

די שטיינער האָט קיינער ניט געהערט, בלויז די פּאַריטומטע טויטע פונעם עולם האמת האָבן שטיל געבענקט נאָך זייערע שטיינערנע פריינד. זינט עס איז געווען די טראַגישע פּאַסירונג מיט דעם פייער, וואָס האָט געשלעפּט פונעם בית הקברות מצבות, און איינע פון זיי איז אויף אים אַרויפגעפאַלן און אים דערהרגעט אויפן אָרט, זיינען פויערים מער ניט געפאָרן נאָך שטיינער. זיי האָבן מורא געהאַט. זיי האָבן געגומען גלייבן, אַז טויטע זיינען זיך נוקם. די מצבות בונטעווען זיך, ווען מען קומט זיי שענדן, זיי פאַלן מיט זייער גאַנצער שטיינערנער קראַפט און שווערקייט אויף די הענט און פיס און מאַכן אָן וווּנדן טיפע און שמערציקע, מיט צייכנס ברוינע און בלויע... פויערים האָבן זיך דערציילט די פאַרשיידענע פאַנטאַסטישע מעשיות, אַז אויפן יידישן בית־עולם מוען זיך אָפּ שרעקלעכע און ווונדערלעכע זאַכן. אָט האָט מען געהערט קרעכצן און שטילע געוויינען פון אונטער די קברים, מען האָט אויך געזען אויף שטיינער, וואָס זיינען אָוועקגעבראָכן געוואָרן פון זייערע קברים, סימנים פון בלוט... אַרום דעם סטאַראָסטווע־בנין, וואָס געפינט זיך קעגן דעם בית עולם, האָט מען געמאַכט א פּאַרקאַן פון מצבות. מאַכט זיך אַז אין איינעם א פרימאָרגן געפינט מען אויף דער גאַס א פּאָר מצבה־שטיינער ליגן. באַלד האָבן געגומען אַרומגיין מעשיות, אַז אין די נעכט קומען די מתים און נעמען זיך צוריק זייערע מצבות; והא ראיה, דער פּאַרקאַן פון דער סטאַראָסטווע ווערט טאַקע וואָס אַמאָל מער איינגעשרומפּן... פויערים האָבן אויפגעהערט פאָרן צום בית עולם שלעפּן מצבות. די טויטע יידן האָבן באַקומען רו, די לעבעדיקע זיינען אָבער געווען מאַכטלאָז קעגן דער סכנה, געלעבט אין דער הינער־שטייג פונעם געטאָ און אַליין געוואַרט מיט האַרץ־ציטערניש אויף דער אומפאַרמיידלעכקייט פונעם באַל־דיקן טויט. דער נאָך ניט געזעטיקטער אַרישער ערב־רב האָט אַריבערגעקוקט איבער די פּלויטן פון געטאָ און באַדויערט וואָס דאָרט אָטעמען נאָך אַן ערך 900 יידן. מיט פאַרוווּנדערונג האָבן זיי געשאָקלט מיט די קעפּ און געזאָגט: „זעט נאָר, זעט, מען קוילעט זיי און מען קוילעט, און זיי זיינען נאָך דאָ... עס פילט זיך שוין אָבער פון דאָרט דער ריח פונעם מלאך המות" — פלעגן זיי זיך טרייסטן.

# אינעם לעצטן געראנגל

ביי דער לעצטער אקציע פון ערב פסח האָבן א סך יידן מיט זייער טויט געמאכט ירשנען הונדערטער „ווילטעטער", וואָס האָבן גענומען פון זיי צו אויס־באהאלטן די פארמעגנס. יעדער טויט פון א ייד האָט איבער נאכט באררייכערט זיין ארישן „בעל־טובה". נאָך יעדער אקציע פלעגט זיך אין שטעטל צונויפפאָרן א גאנ־צער יאריד. א טייל פויערים האָבן געוואָלט געוויר ווערן, ווי אזוי עס זעט אויס די בוכהאלטעריע איבער די יידישע לעבנס, און אנדערע האָבן גאנץ פשוט גע־לקחנט וואָס נאָך עס האָט זיך געלאָזט פון די אויסגעליידיקטע און דעמאָלירטע שטיבער.

אין יענע בלוטיקע טעג, ווען עס האָט שוין געהאלטן ביים ענדגילטיקן אויס־ראָטן די לעצטע פון די לעצטע, איז דער יידישער איבערעשט פון סקאלאט געווען איינגעפרעסט אין 30 קליינע הייזלעך. די דורכגענג פון די געסלעך זיינען געווען פארקלאפט מיט ברעטער. אין דער שרעקלעכסטער ענגשאפט און שמוץ, אויך אונטער דער ערד ערגעץ אין בונקערס, האָבן געשטעקט די הייפעלעך שוין נימאס־געוואָרענע לעבנס. דאָס שטעטל האָט געהאלטן ביים לעצטן געראנגל מיטן אומפארמיידלעכן טויט, ערב דער לעצטער אפיציעלער ליקווידירונג פונעם געטאָ, וואָס מען האָט יעדן טאָג און יעדע שעה מיט טויטשרעק דערוואַרט. די באפעלקערונג איז באשטאנען פון כמעט לויטער פרויען און קינדער, וואָס זיינען געבליבן אלמנות און יתומים פון די פריערדיקע אקציעס. די קליינע צאָל מענער, וואָס האָבן נאָך געלעבט, האָבן זיך געפונען אין דעם סקאלאטער לאגער און אויך אין די אנדערע לאגערן פון דער סביבה. איינגעטילט האָט די שטאָט סקאלאט געזאָלט דערקלערט ווערן פאר „יודענפריי", נאָך אין חודש אפריל 1943, נאָכן מאסן־מאָרד פון די „וויינענדיקע־קברים", נאָר אזוי ווי א געננג היבשע צאָל האָט נאָך באוויזן זיך אויסצובאהלטן, איז געקומען א באפעל פון טארנאָפּאָל, אז אלע יידן קענען צוריקגיין אין געטאָ. דאָרט וועלן זיי זיך קענען רואיק לעבן. דער עיקר,

זיי דארפן זיך האלטן ריין און זיין ביי די קרעפטן, ווייל מען וועט זיי נאָך באדארפן צו דער ארבעט. כדי אויך צו שטארקן די האָפענונג ביי די יידן, אז מען מיינט זיי ניט צו אומברענגען, האָט די געשטאפּאָ פון טארנאָפּאָל אראָפּגעשיקט 10 יידישע מיליציאנטן, מיט א געוויסן אבא טענענבוים בראש, וואָס האָבן באדארפט וואכן איבער דער „רו און אָרדנונג" און גלייכצייטיק אויך דינען אלס געצייג פאר די דייטשע פּלענער. די אלגעמיינע איבערצייגונג איז אָבער געווען, אז די עקסיסטענץ פונעם געטא ציילט זיך אויף טעג. די יידישע מיליציאנטן פון טארנאָפּאָל האָבן זיך גענעבן די מי צו בארואיקן און איבערצייגן, אז כל=זמן זיי זיינען דאָ, וועט קיין גייע שחיטה ניט פּאָרקומען. קיינער האָט אָבער דאָס מאָל אין דעם ניט געגלייבט. יעדן פארנאכט פלעגט זיך אָנהייבן א וואנדערונג איבער פעלדער און וועלדער, מען פלעגט קענען נאכט זיך לויפן באהאלטן צו קריסטן, אָדער אזוי זיך פארגראבנען אין שטאלן און שייערן, צום איבערנעכטיקן. אין דער פרי, געוויר ווערנדיק אז עס איז אין שטעטל רואיק, פלעגט מען צוריקגיין אין געטא, כדי אין דער קומענדיקער נאכט ווידעראמאָל איבערחזרן די זעלבע וואנדלונגען. ביי אזעלכע נאכט=וואנדלונגען פלעגן פּאָרקומען אָפטע רויב=איבעפאלן, שלעגערייען און שענדונגען פון פרויען, אויסגעפירט דורך גאסן=יונגען און געוויסנלאָזע שקצים. בכלל פלעגט יעדן אויפדערנאכט אויסגעליידיקט ווערן דאָס געטא פון מענטשן. מען פלעגט זיך שטיקן אין די אונטערערדישע באהעלטעגישן און קוים דערציען דעם פארטאָג, כדי צו דערוויסן זיך, אז עס האלט היינט ניט ביי קיין אקציע. פון די פעלדער און פון די אנדערע באהעלטענישן אויף „יענער זייט", פלעגן צוריק ארייגשלייכן אין געטא אריין די גאַנס=באשעפענישן און ווידער באקומען דעם מוט צו לעבן, ווען אפילו מיט דער לעבנס=צייט פון א שמעטערלינג. ביינאכט, ווען די שטיבער זיינען געבליבן הפקר, פלעגן די ארייננעשיקטע מיליציאנטן ארומגיין און ארומזוכן איבער די וווינונגען. זיי פלעגן זיך צונעמען פון די שטוב=זאכן, וואָס זיי האָט זיך געגלוסט. ביי דער געלעגנהייט פלעגן זיי אויך אויסשפּיאנירן, ווו עס געפינען זיך בונקערס, פלעגן זיך פארנאָטירן דעם פּלאן פונעם פארדעכטיקן ארט. בכלל האָבן די טארנאָפּאָלער מיליציאנטן זיך שרעקלעך אויפגעפירט. אחוץ וואָס זיי האָבן זיך געחברט מיט די יחסנים פון לאגער, ווי אויך מיט די דייטשן, האָבן זיי געשיכרט, גערויבט און פארגוואלדיקט.

אזוי האָבן געלעבט די לעצטע סקאלאטער יידן אין די לעצטע שעהן פון

זייער לעבן. אומגעפּער פון יענער צייט ווערט דערציילט וועגן אַ געוויסן משוגענעם, מיטן נאָמען יאָסעלע, וואָס איז נאָך על־פּי־נס געוועזן „אויסגעבליבן“ פון די ביז־אַהעריקע אַקציעס. איין טאָג באַמערקט מען אים ווי ער שטייט אין דער פּוסטער גאַס און וויינט יאָמערלעך. „וואָס וויינסטו, יאָסעלע?“ — האָט מען אים געפרעגט. „מען וואַרפט מיר ניט נאָך קיין שטיינער, עס לויפט מיר קיינער ניט נאָך..., קיינער רופט מיך ניט משוגענער ...“— וויינט יאָסעלע מיט בלוטיקע טרערן.

יאָסעלע דער משוגענער דערמאָנט זיך עס אָן יענע אַלטע גוטע צייטן, ווען עס האָבן נאָך געלעבט פיל יידן, ווען יידישע קינדער פלעגן אים נאָכלויפן אין די גאַסן, און די געלעכטערס פלעגן שאַלן, און די שטיינער פלעגן פאַלן...

עס האָבן נאָך געצאַנקט די לעצטע לעבנס פון די על־פּי־נס „אויסגעבלי־בענע“ פון די פריערדיקע שחיטות.

ווי ראַטעוועט מען זיך אָבער פון דעם אַלץ ווייטער לויערדיקן טויט?!..

## ניט־געלונגענער ווידערשטאנדפּלאַן

דאס איז געווען אין חודש מאי 1943. מען האָט שוין געזען בולט, אז עס איז ניט פאראן קיין שום רעטונג. די דייטשע מאָרד־מאשין האָט פּלאנמעסיק און רעגולער געפירט איר אויסראָט־ארבעט. קיין איין ייד וועט ניט טאָרן בלייבן ביים לעבן. די אקציעס און פּאָגראָמען האָבן ביז איצט פארשלונגען אן ערך 6500 קרבנות. און אין די ארומיקע לאנערן, ווי באָרקי־וויעלקע, פּאָרוואָלאָטשיסק, סקאַ־לאַט, ראָמאנאָווקע, סטופּקע און קאמיאָנקע האָבן געשמאכט טויזנטער מענטשן אונטער די שטעכדראָטן, דערצו דער הונגער, קראנקהייטן און עפּידעמיעס! אפילו די „אייביקע אָפּטימיסטן" האָבן שוין אויך אויפגעהערט צו גלייבן אין א מעגלעכ־קייט צו בלייבן לעבן. דאָס לעבן האָט זיך איצט גערעכנט שוין אויך ניט אויף וואָכן, נאָר אויף טעג.

די ערשט ניט לאנג דורכגעפירטע שחיטה, די אזוי גערופענע טראגעדיע פון די „וויינענדיקע קברים", וואָס האָט געזאָלט זיין די ענדגילטיקע פארניכטונג פון די יידן דאָ, כדי צו קענען דערקלערן דאָס שטעטל פאר „יודענריין", האָט זיך לויטן דייטשן פּלאן ניט איינגעגעבן; עס זיינען דאָך פארבליבן נאָך אן ערך טויזנט יידן, וואָס האָבן זיך ניט געלאָזט כאפּן. די פאנטאסטישע טעכניק פון דער יידישער בונקער־בויקונסט איז געשטאנען אויף אזא מדרגה, אז עס איז געווען כמעט אומ־מעגלעך אויסצוגעפינען אלע יידישע באהעלטענישן און מויזן־לעכער. מענטשן האָבן זיך מיט לעצטער אָנשטרענגונג געריסן צו רעטונג און לעבן. די דייטשן האָבן זיך איצט גענומען צו פארשפּרייטן קלאנגען, אז מער וועט שוין נאָרניט פּאָרקומען. דער „רויטער קרויץ" זאָל האָבן אינטערוועגירט לטובת די יידן, ווי אויך אמעריקע טוישט אויס די יידן קעגן דייטשע געפאנגענע, און נאָך אנדערע אויסגעטראכטע מעשיות, כדי צו פארטומלען די מוחות. די אמתע כוונה פון די דייטשן איז אָבער געווען: צוזאמענציען און צוזאמענהאלטן דאָס ביסל יידן, כדי אין צוקונפט זיי קענען לייכטער און אויף אלע הונדערט פּראָצענט צוזאמענכאפּן און ליקווידירן.

זיי שוין דערמאָנט אין פריערדיקן קאַפּיטל, האָבן דאָ די דייטשן געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיי פאַרלייכטערן דעם קורס לגבי יידן. „איר מעגט אייך רואיק לעבן אין אייער געטאָ, מיר וועלן אייך געבן ברויט און אַרבעט, האַלט'ס אייך נאָר זויבער. איר זאָלט ניט קראַנק ווערן, ווייל דעמאָלט וועט איר ניט קענען אַרבעטן. . ' פלעגן זיי מיט אַ כּלומרשט פריינדלעכן טאָן אויפקלערן די יידן. קיינער האָט שוין אָבער ניט געגלייבט אין אָט די הבטחות. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס מאַכן די בעסטיעס הכנות צו זייער לעצטן קאַנץ-שפּרונג, וואָס זאָל מיט אַמאָל פאַרצוקן דעם גאַנצן רויב. ניט האָבנדיק אָבער קיין אַנדער אויסוועג, זיינען דאָס ביסל יידן געבליבן ווייטער זיצן אין געטאָ.

אין דער זעלבער צייט האָט אַ גרופּע מוטיקע יונגעליים, מיט מיכל גלאַנץ בראש, זיך גענומען גרייטן צו אָרגאַניזירן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין פאַל פון אַ ווייטערדיקער אַקציע. גלאַנץ איז געווען אַ צוגערייזטער פון דער שטאָט קאַפּיטשינצע, אַ קרעפטיקער יונגערמאַן פון אַן ערך 26 יאָר מיט אַ פּאָר קלוגע אויגן, פון וועלכע עס האָט געשפּריצט טעמפּעראַמענט, מוט און שטאַרקער ווילן. צו אים האָבן זיך באַלד אָנגעשלאָסן נאָך יונגע לייט, ווי דער 30 יאָריקער לאָנעק פּודלעס, אַ סטודענט פון פילאָזאָפיע, וואָס איז ניט לאַנג געקומען פון קאַמיאָנקער לאַגער; דער 23 יאָריקער שלום שעכטער; דער 35 יאָריקער מאיר גרינפעלד (ביידע לעצטע פון סקאַלאַט); דער 22 יאָריקער בוציע עלפּענביין, דער 21 יאָרי-קער העניעק וויינבערג, סטודענט פון וועטערינאַריע (סקאַלאַט), און נאָך פיל אַנדערע. די אַלע האָבן אָפּגעהאַלטן געהיימע זיצונגען און געגוי אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן אויף דורכצופירן אַ ווידערשטאַנד אין פאַל פון אַן אַקציע. די קליינע גרופּע האָט עס באַדאַרפט בילדן דעם קערן צו אַ פאַרברייטערטער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע פון דער יוגנט.

שוין אין די ערשטע טעג פון דער טעטיקייט האָט בוציע עלפּענביין באַוויזן אויפצובערענגען 12 גראַנאַטן, מיט וועלכע די יונגע ענטוזיאַסטן האָבן זיך געפרייט, ווי קליינע קינדער מיט זייער שפּילצייג. אמת, די גראַנאַטן זיינען געווען אָן צינדערס; אָבער שאַדט ניט. מען האָט גענומען אַרומזוכן אַ געניטן מעכאַניקער צום אַריינצייען אים אין דער אַרבעט אַריין. מיכל גלאַנץ האָט באַוויזן אויפצובערענ-גען אַ געוויסן סכום געלט, וואָס איז געווען נייטיק אויף די ערשטע הוצאות. העניעק וויינבערג האָט שוין געהאַט אָנגעבונדען אַ קאָנטאַקט מיט קריסטן, כּדי צו געפינען

א וועג אויף צו באַזאָרגן זיך מיט געווער. מאיר גרינפעלד האָט געהאַט די אויפ־גאַבע צו שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיט די רעשטלעך פון דעם יודענראַט, וועלכע האָבן נאָך דיספּאָנירט מיט קהלשע קאַפּיטאַלן און אַרויסקריגן פון זיי מאַטעריעלע הילף. אין אָנהייב האָבן די ראַטמענער צוגעזאָגט ניט נאָר געלט־אונטערשטיצונג, נאָר אויך אפילו אקטיווע מיטבאַטייליקונג. עס איז אָבער דערפון גאָרניט געוואָרן. אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן וועגעטירט גאַנצע צוויי יאָר אין די יודענראַטן, האָבן באמת שוין ניט געקענט האָבן אַ וועלכע פאַרשטענדעניש פאַר אַזאַ דערהויבענעם געדאַנק. ביי די מענטשן איז דאָך שוין פון לאַנג אָפּגעטויט געוואָרן יעטוועדער חוש פאַר זעלבסטווערדע און כבוד.—האָט מען דען איצט געקענט פאַרלאַנגען פון זיי מיטאַרבעט און הארץ פאַר אַ גרויסן טאַט, וואָס ווען אפילו ער ענדיקט זיך מיט טויט, בלייבט ער דאָך אַ מאָראַלישע דערגרייכונג? זיי די יודענראַטלער האָבן פאַרשטייט זיך, גאָרניט מיטגעהאָלפן ביים פינאַנסירן די אַזוי געוואַגטע אונטערנע־מונג. פאַרקערט, זיי האָבן זיך נאָר אויסגעלאַכט. „די אַרבעט אייערע איז שוין פון אָנהייב פאַראורטיילט צום דורכפאַל. מיט וועמען ווילט איר ניין מילחמה פירן? מיט ווייבער? מיט אַ פּאָר צעבראָכענע יידן?" — האָבן זיי געזאָגט.

די מיטיקע יונגעלייט האָבן זיך אָבער ניט אָפּגעשראָקן. זיי האָבן ווייטער אין געהיים פאָרגעזעצט זייער אָנגעהויבענע אַרבעט. זיי האָבן שוין פאַרמאָגט אַ פּאָר שטיקלעך געווער, אויך האָט אַ שיין געמאָן אַ נינסטיקע אויסזיכט אויף להבא. מאיר גרינפעלד האָט שוין געהאַט אַ קאָנטאַקט מיטן וואַלד, וו עס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן גרופּעס יידן, פון געטאָ אַנטלאָפענע. העניעק ווייַנבערג האָט שוין געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט אַ געוויסן דימקאָווסקי, ווענן מיטהילף מצד די פּאָליאַקן. באַלד האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער דימקאָווסקי איז געווען אַ שאַרלאַטאַן און אונטערוועלטניק, וואָס האָט נאָר געוואָלט אויסנאַרן געלט, און געענדיקט וואָלט זיך דורך אים מיט פאַרראַט און אומגליק. אין לעצטן מאָמענט האָט מען נאָך באַ־וויזן צו אָפּזונדערן זיך פון אים. מען האָט זיך אַלץ געגעבן די מי צו אויסגעפינען מענטשן פון דער ניט־יידישער אונטערערדישער באַוועגונג און מיט זיי צוזאַמען געפינען דעם געמיינזאַמען וועג פאַרן ווידערשטאַנד. עס האָט זיך אָבער אַרויסגע־וויזן, אַז אין טאַרנאָפּאָלער געגנט איז אַזאַ באַוועגונג ניט בנימצא. די ניט־יידן, ניט זייענדיק פאַראורטיילט צום טויט, ווי די יידן, און וואָס האָבן געלעבט כמעט אין נאָרמאַלע באַדינגונגען, — זיי האָבן דאָך געהאַט פיל מעגלעכקייטן צו אונטערנעמען

נקמה־אקטן. זיי האָבן אָבער דערשראָקן און הכנעהדיק אנטקעגנגעטאנצט דעם דייטשן אוגטערדריקער און געדולדיק אריבערגעטראָגן די דייטשע פארפאָלגונגען. אין אָנבליק פון דעם האָפענונגסלאָזן מצב פון די לעצטע רעשטלעך לעבנגעבליבענע יידן, איז דער געדאנק ווען שטעלן א באוואָפנטן ווידערשטאנד באמת געווען א געוויסע טרייסט, וואָלט זיך דאָס געמעגט ענדיקן אויך מיטן טויט. די אזויפל ליידן וואָלטן דאָך באקומען א זינען. צו אזא טאט מוז מען אָבער זיין כאָטש אביסל מי־ליטעריש צוגעגרייט. האָבן זיי טאקע פיבערהאפט געארבעט, די מענטשן פון דער גרופע, געטאָן און צוגעגרייט אלץ וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

דערווייל איז די קריפאָ (קרימינאל־פאָליציי) דערפון געוויר געוואָרן, און דאָס האָט, נאנץ מענלעך געבראכט דערצו אז די דייטשן זאָלן וואָס ניכער דורכ־פירן אין סקאלאט די ענדגילטיקע אויסראָט־אקציע, וואָס איז אויסגעפאלן דעם נייינטן יוני 1943. דער אזוי שיין געוועבטער חלום וועגן אן אקטיוון ווידערשטאנד איז מיט א מאָל איבערגעריסן געוואָרן. דער טראגישער טאָג פון דער אזוי גערופע־נער שבועותדיקער אקציע, וועגן וועלכער עס וועט נאָך דערציילט ווערן, האָט ווירק־לעך געבראכט צום אומקום פון געטאָ, צו דער פולקאָמער ליקווידאציע פון די יידן אין סקאלאט. נאָר קליינע רעשטלעך זייגען געלאָפן אין די וועלדער, אָדער צו די גוט באצאָלטע גאָספּאָדארן. פארשטייט זיך, אז גיט זייענדיק געהעריק צוגעגרייט און נאָר מיט א פּאָר פּיסטאָלעטן און 12 גראנאטן, דערצו אָן ציגדערס, האָט ניט געקענט קיין רייד זיין פון א באוואָפנטן ווידערשטאנד.

מיט עטלעכע טעג נאָך פאר דער ליקווידאציע־אקציע האָט ווער געמסרט ליאָנעק פודלעסן, אז ער איז אנטלאָפן פון קאמיאָנקער לאגער. מען האָט אים טאקע באלד צוריקגעפירט אהין, ווו ער האָט אויך פארלאָרן זיין לעבן ביי דער ליקווידאציע פון דעם לאגער. האָט ווידער צום טאָמענט געפעלט א וויכטיקע קראפט.

נאָכן דערקלערן דאָס שטעטל פאר „יודענריין" איז געבליבן עקסיסטירן נאָר דער סקאלאטע לאגער. דאָרט האָבן דעמאָלט נאָך געארבעט אן ערך 400 מענטשן. אהין האָט זיך שפעטער אריבערגעטראָגן דער ווידערשטאנד־געדאנק. עט־לעכע יונגעלייט האָבן אויך אין לאגער געארבעט פאר דעם פּלאן. און שפעטער א פּאָר וואָכן, ווען די פּארטיזאנער האָבן זיך אריינגעריסן אין שטאָט, האָבן אָט די מענטשן געהאט דעם בעסטן שעת הכושר, זיך אָן זיי אָנצושליסן. געריסן האָבן זיך

כמעט אלע לאגער־יידן מיטצוגיין מיט די פארטיזאנער. די האָבן אָבער ניט געוואָלט מיטנעמען. מיט שווערער מי איז געלונגען נאָר א קליינער צאָל זיך אריינצובאקומען אין די רייען פון די פארטיזאנער, וועלכע האָבן אויפגענומען דעם רומפולן מארש דורך די פוילישע וועלדער. די געוועזענע איניציאטאָרן פונעם ווידערשטאנדפלאן: מיכאל גלאנץ, שעכטער, עלפענביין, קאץ, פרוי הינדע זאָרנוויץ און נאָך א קליינע צאָל אנדערע האָבן געהאט דאָס גליק זיך צו געפינען אין די רייען פון די העלדישע קעמפערס אונטערן אָנפיר פון דעם בארימטן סאָוועטישן גענעראל קאָלפאק.

וועגן דעם אָבער — אין דעם ווייטערדיקן קאפיטל „פארטיזאנער“.

## די שבועותדיקע אקציע

די לעצטע עגדגילטיקע אקציע האָט זיך דערנענטערט. מען האָט זי אָנגעּ רופן די „יודען־פרייע“ אקציע, און אויסגעפאלן איז זי אין סאמע שבועות, 6 טעג אין סיוון תש“ג (9. 6. 1943).

די דייטשן האָבן שוין געהאט געוווּסט, אז די יידן אנטלויפן פון געטאָ אין די נעכט און קערן זיך אהין צוריק אין דער פרי, ווען זיי מערקן, אז דאָרט איז רואיק. זיינען דאָסמאָל די ס“ס פון טארנאָפּאָל געקומען 9 א זייגער אין דער פרי און טאקע אָנגעטראָפן אלע יידן אין געטאָ. אומדערווארט איז געקומען דאָס אומּ גליק. דאָס קליגלען זיך פון די דייטשן האָט זיך זיי איינגאנצן איינגעגעבן, און דער פארניכטונג־בילאנס איז געווען טרויעריק ביז גאָר. אחוץ די ס“ס פון טארנאָפּאָל, די שופּאָ (שוץ־פּאָליציי), קריפּאָ (קרימינאַל־פּאָליציי), אוקראַיִנישע מיליץ האָבן אין דער אקציע אנטייל גענומען אויך די יידישע טארנאָפּאָלער מיליציאַנטן, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן צו אנטדעקן די בונקערס. ביי אוממענטשלעכער גרויזאמקייט און אין ווילדן טעמפּאָ איז צוגעגאנגען די בלוטיקע ארבעט, און שוין ביז 12 א זייגער זיינען געוואָרן צונויפגעזאמלט אן ערך 600 יידן אויפן מארק־פּלאַץ, פון וואנען מען האָט זיי באלד ארויסגעפירט אויפן פעלד, צום אָרט פון די מאסןּ קברים פון דער ערב־פּסחדיקער אקציע. דאָרט האָט מען זיי אויסגעטאָן נאקעט און דערנאָך זיי מיט א מאשין־געווער אויסגעשאָסן. לעקס האָט פון די קרבנות אויסגעקליבן עטלעכע און צוואנציק ייגגערע מענטשן און געלאָזט זיי אָפּפירן צוּ זאמען מיט די קליידער פון די געהרגעטע צום סקלאטער לאגער. ווען די דייטשן זיינען צוריקגעפאָרן פונעם עקזעקוציע־פּלאַץ האָבן זיי געזונגען: „האָך לעבע די שטאָדט אָהנע יודען!“

אזוי איז אויסגעליידיקט געוואָרן דאָס שטעטל פון יידן. די דאָרפס־פּויערים האָבן זיך א וואָרף געטאָן אויף די אויסגעליידיקטע יידישע הייזלעך און בארויבט די לעצטע איבערעשטלעך פון די שטוב־זאכן. דאָס ביסל יידן, וואָס האָבן באּ

וויזן אין דער לעצטער מינוט זיך צו באהאלטן, צי אין א בונקער, צי אויף די פעלדער. זיינען אין דער צאָל פון 120 צונויפגעכאפּט געוואָרן פון די פויערים און איבערגע־געבן געוואָרן אין די הענט פון דער שופּאָ. אזוי ווי דאָס איז אויסגעפאלן בעת דער קריסטלעכער גרינער חגא, האָט מען די אומגליקלעכע דערוויל ארייננעזעצט אין תפיסה און זיי דאָרט געהאלטן ביז איבער חגא, דאן האָט מען זיי אויסגעמאָרדעט אויך ביי די גרויסע מאסן־קברים אויף דעם זעלבן אופן ווי די פריערדיקע קרבנות.

נאָך דער אָפיציעלער לעצטער יידן־אויסראָטונג איז סקאלאט דערקלערט געוואָרן פאר יודענריין. האָט מען פון דאן אָן געכאפּט א יידן, האָט אים שופּאָ אויפן אָרט געשאָסן. אזעלכע פאלן זיינען געווען זייער פיל. עס זיינען געהאנגען אפישן אין שטאָט, אז דער וואָס ברענגט א יידן א לעבעדיקן אָדער טויטן, באקומט א פרעמיע: 1 ליטער בראנפן און 300 זלאָטעס. גיט געווען דער טאָג, וואָס געוויסנ־לאָזע קריסטן האָבן גיט געמאכט אזעלכע הויפּט־טרעפער.

דער מאגיסטראט האָט באקומען דעם אויפטראג, אלע לעצטע יידישע הייזלעך צו פארקויפן, ריכטיקער, צו צענעמען זיי. פויערים האָבן—גלייך ווי נאָך יעדער אקציע—געקויפט די הייזלעך פאר לעכערלעכע פרייזן, ווי 100—200 זלאָ־טעס פאר אן אָביעקט, און אין א פּאָר טעג איז פון די הייזלעך אפילו קיין זכר גיט געבליבן. דערביי האָט מען אויסגעפונען די לעצטע, ביז אהער גיט־אנטדעקטע בונקערס, פון וואנען מען האָט ארויסגעשלעפּט צעבראָכענע און אויסגעפייניקטע מענטשן, וועלכע זיינען באלד באפרייט געוואָרן פון זייערע ליידן—דורך דער קויל פון די דייטשע מערדערס.

עטלעכע טעג נאָך דער פארניכטונג פונעם יידישן געטאָ האָבן די דייטשן פארניכטעט די לאגערן פון ארום סקאלאט. דעם סקאלאטער לאגער אליין האָבן זיי דערוויל נאָך געלאָזט עקסיסטירן ביי א פּאָר וואָכן.

יעקב פּערלמוטער, א געוועזענער העפטלינג פונעם סקאלאטער לאגער, וועלכער האָט אין דעם טראגישן טאָג באגראָבן די אויסגעמאָרדעטע, ביי־זייענדיק אויך די עקזעקוציע, גיט איבער די גבית עדות:—

דער יודענראט האָט געגוי געוווסט, אז די אקציע באדארף פּאָרקומען. דערפאר האָבן זיי זיך מיט זייערע מישפּחות גוט באהאלטן. ארום 9 א זייגער אין דער פרי האָבן טארנאָפּאָלער ס"ס, אוקראינער, שופּאָ און קריפּאָ ארומגערינגלט דעם געטאָ. כמעט אלע יידן זיינען געווען גיט באהאלטן, פון 2 אויטאָבוסן זיינען

אראָפּגעשפּרונגען די ס"ס און געעפנט א שיסעריי. יידן האָבן אָנגעהויבן לויפן אין גרויסער פּאניק. מען האָט זיי גאָכגעשאָסן און פיל פון זיי דערהרגעט. צווישן די ערשטע געפאלענע האָט זיך אויך געפונען אהרון פרידמאן. איך האָב זיך דעמאָלט געפונען אין לאגער, ווהין הערמאן מילער איז אראָפּגעקומען און געפאָדערט מען זאָל אים צושטעלן מענטשן אויף גראָבן דעם גרוב אויפן פעלד. מען האָט אָפּגע־קליבן 21 מאן, צווישן וועלכע אויך איך האָב זיך געפונען. מיר אלע זייגען געווען דערשראָקן און בלאס, ווען מילער האָט אונדז געפירט. אויפן גאנצן וועג האָט ער געהאלטן אין איין איבערחזרן די ווערטער: „ניכט פירכטען, אייך פאסירט גאר־ניכטס, איר מוסט נור גוט ארבייטען". אין פעלד האָט ער אונדז אָנגעוויזן א פּלאץ און אויסגעמאָסטן 10 מעטער די לענג, 5 מעטער די ברייט און אונדז געהייסן דאָ גראָבן א גרוב פון 3 מ' די טיף. נאָך דעם איז ער אוועקגעגאנגען, אין א האלבער שעה ארום איז ער צוריקגעקומען מיט העפנערן, מיט וועלכן ער האָט פארטרויילעך גערעדט. ער וועגדט זיך צו אונדז מיטן זייגער אין האנט און זאָגט: „ביז 2 שטונ־דען מוסט איר פערטיג ווערדען!" 12 א זייגער איז ער אוועקגעפאָרן אין שטאָט אריין. די דייטשן, וואָס זיינען מיט אונדז דאָ געבליבן, האָבן אונדז ביי דער ארבעט מוראדיק געשלאָגן, שפּעטער זיינען פון דער שטאָט געבראכט געוואָרן אהער צו דער ארבעט נאָך 15 מענטשן, צווישן זיי איז אויך געווען מיין ברודער מענדל. די פריש אָנגעקומענע האָבן די דייטשן נאָך מער געשלאָגן. ווען אייגער איז זיי עפּעס ביי דער ארבעט ניט געפעלן געוואָרן, האָט מען צו אים א געשריי געגעבן: „לעג דיך נידער!" עס איז געפאלן א שאָס, און דער מענטש האָט זיך מער ניט אויפגעהויבן. מילער איז צוריקגעקומען פון דער שטאָט, און זעענדיק, אז מיר זייגען מיטן קבר נאָך ניט פארטיק, האָט ער זיך זייער נעבייזערט און אונדז פּראָלאָנגירט אויף נאָך א שעה. מיר האָבן מיט די לעצטע כוחות געארבעט, באגיסנדיק זיך מיט טייכן שווייס. די סאָלדאטן ארום אונדז האָבן ווילד געשריען און אונדז אומ־מענטשלעך געפּייניקט.

פון דער ווייטנס האָבן מיר געזען, ווי מען פירט די יידן פון דער שטאָט. ווען זיי זיינען געווען שוין נאָענט 30 מעטער פאר אונדז, האָט מען אונז געהייסן ארויס־גיין פון גרוב. מיר האָבן דעמאָלט איבערגעלעבט שרעקלעכע מינוטן, אוים מורא פארן טויט. אין דער לעצטער מינוט האָב איך גענעבן איינעם פון די געבראכטע 15 יידן, מעגום ראטשטיינען, א נעל בעגדל (די לאגער־יידן, אויף וועלכע עס איז

נאָך ניט חל נעווען דער טויט, האָבן געטראָגן אויפן אָרעם געלע בענדלעך). ער האָט זיך באלד אוועקגעשטעלט אין דער ריי פון די לאנער־יידן. מיין ברודער, וועלכער האָט פאר א ווײַלע באקומען א פאטש, האָט רעזיגנירט פון דעם; ער איז געבליבן אין דער גרופע פון די טויט־פארמישפטע געטאָ־יידן. קיין צייט אויף לאנגע וויכוחים איז דעמאָלט ניט געווען, און מיין ברודער האָב איך ניט געקענט ראטעווען. עס האָבן זיך באלד באוויזן די אָנפירערס פון דער שחיטה, מילער, לעקס, פיל סאָל־דאטן אין ס״ס־מונדירן, די אוקראינישע מיליץ, אויך אלע ציווילע דייטשן פון די אמטן. אונדז האָט מען אָפּגעפירט ביי א 15 מעטער ווייטער און געהייסן זיך אויס־לייגן אויף דער ערד מיטן פּנים אראָפּ. אונטער דער דראָאונג געשאָסן צו ווערן האָבן מיר זיך ניט געטאָרט רירן פון אָרט. קיינער פון אונדז האָט שוין ניט גע־גלויבט, אז מיר וועלן נאָך ארויס פון דאנען לעבעדיקע. מיר האָבן געהערט ווי קינדער האָבן געוויינט און פרויען האָבן געיאָמערט. מען האָט די יידן מוראדיק געשלאָגן ביים צווינגען זיי זיך אויסצוטאָן נאקעט. מיר האָבן געפילט, גיט זעענדיק מיט די אויגן ווי מען פירט צו צו דעם קבר א גרופּע מענטשן; עס האָט אָפּגעהילכט א שיסעריי, דערנאָך האָבן מיר געהערט, ווי די דייטשן קלאפּן בראוואָ און זינגען דאָס האָרסט וועסל־ליד. מיר האָבן געהערט לאכן, און א גערויש פון גלעזלעך, ווייל די מערדערס האָבן בשעת מעשה געטרונקען, נאָך יעדער סעריע שאָסן האָט זיך איבערגעחזרט דאָס קלאפּן פון בראוואָ און דאָס זינגען פון מארשן. פון דעם קבר־ארויס האָט זיך געריסן א שרעקלעך געשריי, און מען האָט דייטלעך געהערט, ווי עס ווארפן זיך נאָך לעבעדיקע קערפּערס.

נאָכן פארענדיקן זייער ארבעט, וואָס האָט געדויערט איבער 2 שעה, האָבן די מערדערס אונדז געהייסן אויפשטיין. מיר האָבן זיך דערנענטערט צום קבר, ווו מיר האָבן אָנגעטראָפן א שרעקלעך בילד, מיר האָבן אויסגעלייגט גלייך די כאאָטיש צעוואָרפענע גופים, וואָס פיל פון זיי האָבן נאָך געלעבט. אלע דייטשן און צוקוקערס זיינען אוועקגעפאָרן. געבליבן זיינען נאָר די היימישע פּאָליציסטן פון דער שופּאָ: שניידער, מאראָלד, פּאול א״א, וועלכע האָבן מיט אונדז דירינירט ביי דער ארבעט. מיר האָבן אָנגעוויזן אויף מענטשן , וואָס האָבן נאָך געלעבט און שווער געאָטעמט, האָבן די דייטשן אויס רחמנות יעדעסמאָל ארייַנגעשיקט נגאדע־שאָסן אין קבר אריין. איידער מיר האָבן נאָך פארשאָטן דעם קבר האָט מען נאָך צוגעבראכט ביי זעכציק מתים פון דער שטאָט. זיי זיינען ארייַנגעלייגט געוואָרן אין גרוב אין די

זאכן זייערע. מיר האָבן מקבר געווען אונדזערע ברידער און געטראָטן אויף דעם בערגל ערד, וואָס איז געווען דורכגעווייקט מיט בלוט. „נעט, עלעגאַנט געמאַכט" — האָבן די שוץ־פּאָליציסטן אויסגערופן. — „אָבער די פּיראַמידע מוז סימעטריש זיין!". בשעת די דייטשן האָבן זיך געפּאָרעט ביים באַזוכן די מלבושים פון די טויטע, האָב איך געזאָגט קדיש. עטלעכע יידן פון אונדז האָבן באַקומען קליידער פון די טויטע. איך האָב אויך דערקענט די קליידער פון מיין ברודער מענדל. „זייט רואיק, אַ פּאָר וואָכן שפּעטער פּאַסירט דאָס זעלבע מיט אייך, יודען, יודען!" — האָבן די דייטשן צו אונדז געזאָגט.

מיר האָבן פאַרלאָדן די מלבושים אויף וועגעלעך און צוריקגעפאָרן אין לאַגער אריין.

## אויפקום פונעם לאגער סקאלאט

נאָך דער „קליינער אקציע“, אין נאָוועמבער 1942, האָט דער יודענ=ראט זיך ארומגעזען, אז דער באָדן אונטער די פיס וואקלט זיך. זיי האָבן שוין גע=זען, אז די דייטשע מאָרדמאשין ארבעט פּלאנמעסיק און אויסגערעכנט. „דו קאָמסט דער לעצטע דראן!“ איז געווען דאָס גוטבאקאנטע „טרייסט=וואָרט“ פאר די אלע יידן, וואָס האָבן זיך פארדינט געמאכט מיט זייער איבערגעבענער ארבעט לטובת דעם דייטשן פארניכטונגס=ווערק. פריער צי שפּעטער, קיינער וועט פון זייערע רוצ=חישע הענט ניט ארויס גאנץ. אויב די געטאס ווערן אומעטום ליקווידירט, שטעט און שטעטלעך ווערן דערקלערט פאר „יודענריין“, איז פאראן נאָר איין מעגלעכקייט צו פּראָלאָנגירן זיך דאָס לעבן אויף א געוויסער צייט, — דאָס איז: א געשלאָסע=נער לאגער. אזוי איז געווען די לעצטע רעקאָמענדאציע פון די „דייטשע גוטע פריינד“ פאר זייערע איבערגעגעבענע מיטארבעטערס. די יודענראט=עסקנים האָבן גענומען דאן מאכן די ערנסטע באמיאונגען צו שאפן א לאגער אין סקאלאט. אין די לאגערן, וואָס האָבן שוין פון פריער עקסיסטירט ארום סקאלאט, ווי באָרקי=וויעלקע, ראטאנאָווקע, קאמיאָנקע און סטופּקי זיינען דאָרט געווען די באדינגונגען גישט צום דערטראָגן. שווערסטע ארבעט, פארניכטונג און טויט איז געווען דאָס טאָג=טעגלעכע ברויט אין יענע אויסראָט=פּלעצער. די מענטשן פונעם יודענראט האָבן געארבעט אויף אלע פראָנטן, כדי צו שאפן אן אייגענעם לאגער אין שטעטל, וו די באדינגונגען זאָלן זיין דערטרעגלעכע, און זיי אליין, די עסקנים, זאָלן זיך אויך קענען אהין ראטעווען, ווען עס וועט קומען די ליקווידאציע פון געטאָ. די אונטער=געקויפטע פירמע „אָטטאָ הייל“ האָט אינטערווענירט אין דעם ענין. אָבערשטורמ=פירער רעבעל, וואָס איז געווען דער גאנצער באלעבאָס איבער אלע לאגערן פון ארום סקאלאט, האָט אויף דעם (פארשטייט זיך, פאר א טמון געלט) געגעבן זיין הסכמה. און אין א גוטער שעה האָט זיך אין סקאלאט אָנגעהויבן צו אָרגאניזירן א לאגער אלס צוויינ=אָפּטיילונג פונעם קאמיאנקער לאגער און אונטער דעם אויבנ=

דערמאָנט רעבעלס אָנפיר. דער יודענראט וואָס האָט נאָך דאן אפיציעל עקסיס־טירט האָט אויסגענוצט זיין גאנצע מאכט און השפעה, כדי דעם אָנגענומענעם פּלאַן ווי צום גיכסטן אויסצופירן. עס זיינען צונויפגערופן געוואָרן עפנטלעכע פאר־זאמלונגען, ווו יודענראט־מיטגלידער זיינען ארויסגעטרעטן מיט דרשות וועגן דער „לעבנס־וויכטיקייט“ פון דער אונטערנעמונג וואָס באדארף ראטעווען וואָס מער יידישע לעבנס פון דעם אלגעמיינעם דייטשן טויט־אורטייל. די יידישע באפעלקערונג האָט סקעפּטיש געקוקט אויף דער גאנצער זאך און געזען אין דעם נאָר אן אָנזאָג פון נייע גזרות און נייע צרות.

א נאָר קליינער טייל יידן האָט זיך געמאָלדן פרייוויליק צום ניי געגרינדעטן לאגער אין סקאלאט. האָט זיך דער יודענראט גענומען צו זיינע אלטע מעטאָדן פון צוואנג. דער יידישער „אָרדענונגס־דינסט“ האָט באקומען דעם באפעל צו כאפּן מיט גוואלד די מענטשן וואָס זיינען פון יודענראט באשטימט געוואָרן פארן לאגער. דעם ערשטן טאָג איז זיי געלונגען צונויפצוכאפּן ביי 70 יינגערע מענער. אין די וויטערדיקע טעג האָבן שוין די יידישע פּאָליציאנטן געכאפּט אויך עלטערע מענטשן. מען פלעגט זיך אויסבאהאלטן אין די פארשיידנסטע ערטער. פיל יידן, וואָס האָבן ניט געוואָלט אריינפאלן אין סקאלאטער לאגער, האָבן געזוכט באשעפּ־טיקונגען אין די ארומיקע דערפער. אויך אהין האָט דער יודענראט געשיקט כאפּן זיינע קרבנות. די קרובים און נאָענטע פריינד פון די עסקנים פונעם יודענראט זיינען געווען אָפּגעהיט פון דעם לאגער. זיי האָבן בלויז פיקטיוו פיגורירט אין די לאגער־רשימות; קיינער האָט זיי אָבער ניט געטשעפּעט, און זיי האָבן זיך געקענט רואיק לעבן אין זייערע וווינונגען. די מענטשן, וואָס האָבן נאָך געהאט גענוג געלט, האָבן זיך אויס־געקויפט, און אויף זייער אָרט האָט מען געכאפּט די אָרעמע און שוצלאָזע יידן.

יידישע יונגעלייט פלעגן אנטלויפן און באהאלטן זיך פון די אויסגעשפּרייטע נעצן פון די כאפּערס. ניט תמיד פלעגט זיך דאָס איינגעבן. די עסקנים האָבן גע־פירט דעם חשבון און געוווסט פון יעדן איינעם וואָס האָט זיך ניט געוואָלט זיי אונ־טערווארפן.

דער געוועזענער לאגער־העפטלינג ניסן קליין פון טיקולינצע גיט איבער די גבית־עדות:

„איך בין אליין ביי געווען ווען פרעזעס נירלער האָט אין איינעם א טאָג גע־זאָגט צו זיינעם א פּאָליציי־מענטש: „אייזנשטארק און פיינשטיין מוזן צוגעשטעלט

ווערן, קיין חילוק ניט צי טויט צי לעבעדיק, אויב ניט, זאָלסטו ברענגען זייערע מישפּחות". דער פּאָליציאַנט ברענגט צו שלעפּן די מוטער און שוועסטער פון אייזנ־שטאַרקן. די צוויי פרויען זיינען בלייך און דערשראָקן. פּרעזעס נירלער שטייט מיט דער רייט־בייטש אין דער האַנט, וואַרפט א שאַרפן בליק צו זיי און פרעגט די מוטער מיט א שטילן אָבער באַפוילערישן טאָן: „ווו האָסטו אהינגעטאָן דיין זון?" —„איך ווייס ניט", ענטפערט די אַלטע מיט א ציטערנדיקן קול, „פון וואַנעט זאָל איך וויסן?". „דו גיסט ארויס דיין באהאַלטענעם זון, צי ניין?' זי שווייגט. נירלער דערנענטערט זיך צו איר, דערלאַנגט איר א פייערדיקן פּאַטש אין פּנים אריין. די אַלטע פרוי ניט א געשריי און אירע אויגן פאַרלויפן זיך רויט מיט טרערן. נירלער פרעגט מיט א מער ענערגישן טאָן: „דו גיסט ארויס דיין זון, צי ניין?" די מוטער פאַרשטיקט אין זיך די טרערן און קען קיין וואָרט ניט ארויסברענגען. דער אכזר דערלאַנגט איר א שטויס, אז די אַלטע פאַלט א פאַרחלשטע צו דער ערד. דאָ הייבט ער שוין אָן צו שרייען מיט רציחה: „דו גיסט ארויס דיין זון?!" ער בריקעט מיט די פיס אזוי לאַנג דעם קרבן, ביז זי וועקט זיך אויף פונעם חלשות, שטעלט זיך אויף און הייבט אָן יאָמערלעך צו וויינען: „ווו זאָל איך אים נעמען? וואָלט איך כאָטש געוווּסט ווו ער איז . . ." דער צעיושעטער נירלער וואַרפט זיך באַלד אויף איר מיט הענט און פיס, שלאָגט מיט דער בייטש מיט סאַדיסטישער רציחה, ביז די אומגליקלעכע פאַלט צום צווייטן מאָל אויף דער ערד. דאָ האָט די אַלטיטשקע צונויפגענומען אַלע אירע כוחות, זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן שרייען: "דו אוממענטש, מערדער און אויסוואָרף, דו ביסט נאָך ערגער פון די דייטשן, דו זויגסט דאָס בלוט פון אונדז, וואַרט, עס וועט נאָך פון דיר פאַלן דאָס פליישׁ לעבע־דיקערהייט! ." דאָ האָט שוין די רציחה פון נירלערן דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פונקט. זי האָט אים אָנגערירט דעם האָנאָר. ער איז אויף איר ארויפגעפאַלן ווי א ווילדע חיה און זי אזוי לאַנג געשלאָגן, ביז זי איז געבליבן ליגן באַוווּסטלאָז אויף דער ערד.

זייטיקע מענטשן, וואָס האָבן ביינעווען די געשיכטע, האָבן געציטערט פאַר כעס, דאָס בלוט האָט אין זיי געקאָכט. קיינער האָט אָבער ניט געוואַגט ארויסצו־זאָגן א וואָרט, מורא האָבנדיק פאַר דעם מערדער, דער האַר איבער לעבן און טויט.

מיטן אויסלאָדן פון זיך דעם צאָרן האָט זיך פּרעזעס נירלער אביסל באַ־רואיקט. מיט א באַהערשטער שטים, מעשה העלד, גיט ער א רוף: „פרידלענדער,

קום אריין, זאָלסט תיכף דער אלטער אָפּשערן די האָר פונעם קאָפּ, דערנאָך זי לאָזן אריינזעצן". דער מיליציאנט, צוגלייך שערער, איז באלד אריינגעקומען און אנידערגעזעצט די פארהלשטע יידענע אויף א שטול און אויסגעפירט די עקזעקוציע איבער אירע האָר. די זעלבע פּראָצעדור האָט דורכגעמאכט די שוועסטער פונעם געזוכטן אייזנשטארק, דערנאָך האָט מען ארויסגעפירטביידע פרויען און זיי איינגעזעצט אין קעלער אריין, וואָס האָט געדינט פאר דער לאגער־תפיסה. דריי טעג האָט מען די פרויען געמוטשעט. היות אָבער זיי האָבן אין דער אמתן נישט געוווסט, ווו זייער זון און ברודער געפינט זיך, האָט מען זיי ארויסגעלאָזט אויף דער פריי צעשלאָגענע און מיט צוויי נאקעט אנטבלויזטע קעפּ.—

---

דער לאגער אין סקאלאט איז געעפנט געוואָרן דעם 1942 .11 .11. אין א חודש צייט האָט שוין דער לאגער אריבערגעשטיגן די צאָל פון 300 מענטשן, פון דעם אן ערך 50 פרויען, וואָס האָבן זיך מייסטנס רעקרוטירט פון צוגעפאָרענע, נים־סקאלאטער, עלנטע און אָפּגעריסענע גלידער פון געוועזענע מישפּחות. דער לאגער־בנין איז געווען די גוראלניע, ווו עס האָבן זיך געפונען פיל מאגאזינען און לאָקאלן. די איינטיילונג פון דער ארבעט און דאָס איינפירן די טיפּישע לאגער־דיס־ציפּלין איז אָנגעגאנגען מיטן פולסטן דאמף. עס זיינען אנטשטאנען פארשיידענע ווארשטאטן, וואָס האָבן געארבעט דורכויס נאָר פאר די דייטשן. צום אָרגאניזירן דעם לאגער האָט דער אָבערשטורמפירער געשיקט א געוויסן העניעק צוקערמאן, דעם ביזאהעריקן קאָמענדאנט פון קאמיאָנקער לאגער. ער, הייסט עס, האָט זיך שוין געדעכנט א ספּעץ אין לאגער־ענינים און האָט עס באדארפט אויך דעם לאגער סקאלאט איינשטעלן לויטן מוסטער פון קאמיאָנקע. און דער טיכטיקער „יונגער־מאן" מיט זיין ביז איצטיקער רייכער פּראקטיק האָט אין א קורצער צייט באמת באוויזן צו איינשטעלן א „מוסטערהאפטן" לאגער מיט א ספּעציעלן רעגולאמין, וואָס האָט זיך שוין באלד געקאָנט פארגלייכן מיט די אנדערע לאגערן פון דער סביבה. אין ערשטער ריי האָט ער סאָרטירט און סעגרעגירט די לאגער־יידן אין אָפּטיילונגען און ברינאדעס. די שטארקערע און געזונטערע האָט ער באשטימט פאר שווער־ארבעטער ביים נאָוואָסיאָלקער שטיינבראָך, וואָס איז עקספּלאָאטירט געוואָרן פון דער דייטשער פירמע „אָטטאָ הייל". אנדערע האָט ער צוגעטיילט צו אנ־

דערע שווערע ארבעטן. די נאָך שוואכע האָט ער באשטימט פאר א באזונדער גרופּע און האָט איר א נאָמען געגעבן: „די שיים־בריגאדע". די דערמאָנטע בריגאדע איז באשטאנען פון די אזוי גערופענע „קאַליבראקעס", אויסגעבראקירטע מענטשן, עלטערע, קאַליקעס, קראנקע און צעבראָכענע. זיי זיינען מיינסטנס געווען באשעפ־טיקט ביי אינערלעכע לאגער־ארבעטן, ווי למשל טראָגן וואסער, האקן האָלץ, פארקערן דעם פּלאץ, טראָגן דאָס מיסט, רייניקן די קלאָזעטן און שיילן קארטאָפל אין קיך. די פרויען זיינען געווען באשעפטיקט ביי דער וועש און אין קיך. די ארבעט גופא פון 12 שעה א טאָג איז נאָך ניט געווען אזוי שרעקלעך און אומדערטרעגלעך ווי די „לאגער־דיסציפּלין" און באנעמונג מצד דער אָנפירערשאפט. שוין 4 א זייגער פארטאָג פלעגט מען אויפוועקן אלע העפטלינגען צום טאָג־טעגלעכן אפּעל. עס האָט געמעגט זיין א רעגן, א קעלט אָדער פראָסט, האָבן אלע בריגאדעס געמוזט שטיין אויפן פּלאץ און ווארטן ביז דער לאגער־עלטסטער, צוקערמאן, איז ארויסגעקומען אין דער פיזשאמע מיט דער „רייט־פּייטשע" אין דער האנט און אָפּגענומען די ראפּאָרטן פון די בריגאדעס־און גרופּען־פירערס. „אכטונג, אכטונג! .. מיטצען אב!"... איז געווען דער טאָג־טעגלעכער פיזמון, די קאָמאנדאָ אויף דעם אזוי גערופענעם אפּעל־פּלאץ, אויף וועלכן עס פלעגן זיך יעדן טאָג אָפּשפּילן טרויעריקע סצענעס פון גוואלד־אקטן און רציחות לגבי די לאגער־יידן. דאָ פלעגן פאלן די באפעלן, דאָ פלעגט מען סאָרטירן די ארבעטער־קנעכט, און פון דאנען האָבן אָפּגעמארשירט די פארשיידענע ארבעטס־קאָמאנדעס צו זייערע באשטימטע ארבעטפּלעצער. ניט געקוקט וואָס יידן אליין האָבן אָנגעפירט מיטן לאגער, איז דאָ אלץ פאָרגעקומען גענוי ווי אין אלע קאצעטן, אויסגעפירט מיט דער פּינקטלעכקייט און אכזריות־דיקייט, ווי די ס"ס אליין וואָלטן דערביי געווען. א כאראקטעריסטישער פאל, וואָס איז פאָרגעקומען אויף איינעם פון די דורכגעפירטע אפּעלן, וועט קלאָר איבערגעבן מיט וואָסער סאדיזם די אָנפירערס האָבן זיך באצויגן צו זייערע אייגענע ברידער: אין א געוויסן טאָג האָט דער לאגער־עלטסטער צוקערמאן אָפּגעקליבן קרעפטיקערע מענטשן צו די שווערע שטיינבראָך־ארבעטן. צווישן די אויסגעוויילטע האָט זיך געפונען שאול שוסטער (פרידמאן), א ייד פון קרוב 56 יאָר. האָט ער זיך געווענדט מיט דער בקשה, אז צוליב זיין עלטער און שוואכקייט בעט ער מען זאָל אים איבערלאָזן אין דער „שיים־בריגאדע". „טאקא בעזטשעלנאָשטש" (אזא חוצפה; די אָפיציעלע שפּראך אין לאגער איז געווען פויליש) — האָט צוקערמאן געשריען

און אָנגעהויבן דעם יידן מערדערלעך צו שלאָגן, אז יענער איז אנידערגעפאלן א פארחלשטער צו דער ערד אין א קאלוזשע בלוט. נאָך די ארייַנגעכאפּטע קלעפּ האָט שוין שאול שוסטער אין דער אמתן מער ניט געקענט גיין צו די שווערע אר-בעטן און איז געבליבן אלס קריפּל שיילן קארטאָפל אין קיך.

צוקערמאן האָט זיך באלד צוגענומען פאר א געהילף, אלס פארטרעטער, דעם געוועזענעם מיטגליד פון גזשימאלאָווער יודענראט בומעק רוס (א ניט-געענ-דיקטער אדוואָקאט), וואָס האָט מיט זיינע מעשים אָנגעוואָרפן א פחד אויף אלע יידן. אונטער זיין ממשלה האָבן יידן געליטן די גרעסטע צרות און פארפאָלגונגען.

א חודש שפּעטער, נאָך דעם ווי צוקערמאן האָט מיט דערפאָלג „איינגע-שטעלט" דעם לאגער, איז ער לויטן באפעל פון דער צענטראלער קאמיאָנקער לאגער-לייטונג אָפּגעפאָרן אין דעם שכנותדיקן שטעטל פּאָדוואָלאָטשיסק, כדי אויך דאָרט צו אָרגאניזירן אן ארבעטס-לאגער. די לייטונג פונעם סקאלאטער לאגער האָט איבערגענומען רוס. יעדע עטלעכע טעג פלעגן אָבערשטורמפירער רעבעל אָדער זיין פארטרעטער, שארפירער מעלער, קומען אהער נאָכזען, צי די ארבעט גייט אין אָרדענונג. זיי פלעגן דורכפירן גענויע לוסטראציעס און קאָנטראָלעס איבער די העפט-לינגען, וואָס האָבן בשעת מעשה דורכגעלעבט טויטשרעק און פלעגן דערביי טאקע —סתם אזוי—אויך ארייַנבאקומען די ריכטיקע קלעפּ. די הערן פלעגן שרייען, זידלען און שילטן מיט מילדע קללות, דערביי פלעגן זיי ארויסגעבן יעדעס מאָל נייע פאר-אָרדענונגען, און די יידישע קאָמענדאנטן האָבן הכנהדיק און געהאָרכזאם אָפּגעענט-פערט מיט דעם באנאלן: „בעפעל, הערר אָבערשטורמפירער"!—ביי אזעלכע באזוכן פלעגט שוין זיין אנגעגרייט א רייכע סעודה מיט די שענסטע לעקער-ביסנס און גע-טראנקען. אייער-קאניאק און ווייַן פלעגן זיך גיסן ווי וואסער. ביי אזעלכע שימחות פלעגט כמעט קיינמאָל ניט פעלן די סקאלאטער שופּאָ-פּאָליציי. מאנכמאָל פלעגט מען זיך משמח זיין ביז שפּעט אין אָוונט אריין. דערנאָך פלעגט זיך דאָס ענדיקן מיט א פרויען אונטערהאלט, וואָס די לאגער-פארוואלטונג האָט געמוזט זאָרגן דער-פאר. שווער באלאָדן מיט רייכע מתנות און פריידיקע עמאָציעס פלעגן די דייטשן אוועקפאָרן מיט די בעסטע מיינונגען וועגן זייערע געטרייע דינערס.

אזעלכע באזוכן און אונטערהאלטן פלעגן זיך איבערחזרן יעדע פאָר טעג.

דערחייל האָט דער חינטער נאָך שווערער געמאכט דאָס לעבן אין לאגער. מען האָט געזען צו אָנהאלטן און ענגן קאָנטאקט מיטן געטאָ, פון וועלכן עס האָבן זיך אלץ געצויגן אהער די לעצטע פעדעם פון אויפגעריסענע מישפחות. ביים דורכגיין צו דער ארבעט האָט נאָך א קרוב אָדער א פריינד פון געטאָ, דערלאנגט א פעקל שפייז אָדער א מלבוש. שפעטער איז געוואָרן ערגער, פיל ערגער.

# לאנגער=מענטשן.

דאָס לאנגער=לעבן אין סקלאַט איז זיך געגאַנגען מיט זיין אָנגעצייכנטן וועג, װאָס פירט צו פארניכטונג און טויט. ווי אין אלע קאַצעטן, פלעגן דאָ די מענטשן דורך עטלעכע וואָכן ווערן ניט צום דערקענען: גייסטיק און פיזיש צעבראָכן, אָן א ווילן און אָן א לעבענסציל. איינזאַפּנדיק אין זיך די פארפוילטע לאנגער=אטמאָספער איז דער מענטש כסדר געפאלן; ער איז געוואָרן ווילד און חיהש, דעגענערירט און זעליש צוריקגעשטאנען. נאָך די שווערע איבערלעבונגען, נאָך די אקציעס און שחיטות, נאָך דעם געטא און נאָך דער אייביקער מורא פארן טויט, טראָגנדיק איצט די שענדלעכע לאנגער=קליידונג, מיטן נומער און געלער לאַטע, באקומענדיק די קאלאָריעס=און וויטאמינלאָזע=פארפלעגונג, — איז לייכט צום דערקענען די אינדיווידועלע און אלגעמיינע צוריקגעשטאנענקייט פונעם לאנגער=מענטשן. א נוטער ביסן איז געווען דער טרוים פון א לאגער=יידן, און דאָס ניט באקומען געשלאָגן, איז געווען א נס אליין. ניט אלע לאגער=מענטשן האָבן פארמאָגט דעם נענוג שטארקן כאראקטער, כדי זיך צו קענען אָפּווערן פון דעם אלגעמיינעם פסיכאָז פון דער קראנקער און פארדאָרבענער סביבה. דער יחיד אין לאנער האָט דורכגעמאכט א שווערן אינערלעכן קאָמפּלעקס, ווו עס האָבן תמיד זיך געראנגלט צוויי ווידער=כוחות. די מורא און די האָפענונג, די אפּאטיע און דער ווילן, די מאכטלאָזיקייט און דער פארבאָרגענער נקמה=געפיל, דער טיפער פעסימיזם און דער שטארקער דראנג צו פרייהייט,—אָט די אלע קאָנטראסטן האָבן דערשיטערט די גייסטיקע גלייכגעוויכט ביים מענטשן. האָט דען ביי אזא לאגע דער לאגער=מענטש געקענט נאָרמאל דענקן? אייבערפלעכלעכקייט אין אלע לעבנס=פראגן, גלייכגילטיקייט צו דער ארומיקער וועלט, זעלבסט=פארגעסנקייט אינעם אלגעמיינעם גורל זיינען געווען די רעזולטאטן פון אָט דעם געדאנקלעכן געראנגל. דער בליק אין דער צוקונפט און די זאָרג פאר איר האָט בלויז דערגרייכט די גרענעץ פונעם מאָרגנדיקן טאָג. אויף ווייטער א שפּאן איז מען גאנץ פשוט ניט געווען ביכולת ארייגצוקלערן. דער בלויזער געדאנק

פון „וואָס וועט נאָך מאָרגן זיין“ האָט געשראָקן, און מען האָט,—ווי מען זאָגט,— מורא געהאט אריינצוטאָן די האנט אין קעשענע. מיט אלע כוחות האָט מען פון זיך געטריבן דעם בייזן געשפענץ. ווי שווער און האָפענונגסלאָז איז געווען אזא הינטיש לעבן!

דערביי איז זייער באמערקנסווערט א געוויסע דערשיינונג צווישן די יידן אונטערן דייטשן רעזשים בכלל און אין די לאגערן בפרט. דער פיזישער צושטאנד, ניט געקוקט אויף די אלע מאָראלישע און קערפערלעכע ליידן, איז געווען א גענוג באפרידיקטער! פארקערט, קראנקע מענטשן זיינען געוואָרן מיט אמאָל געזונט. וועלכער געהיימער וואונדער-כוח האָט עס אריינגעבלאָזן דעם רוח-החיים אין די אויסגעטריקנטע הויט און ביינער? וואָלט עס דען מעגלעך געווען ביי א נאָרמאל לעבן, אז דער גוף און די נשמה זאָלן דורכהאלטן אזעלכע פיזישע און מאָראלישע ניסיונות, טויזנט מאָל שרעקלעכערע פון איובס ליידן,— און זיך ניט אין גאנצן איינברעכן? קראנקע אויף טיפוס האָבן געקענט אין גרעסטן פיבער ארבעטן און אויך דורכהאלטן. שלעכט באקליידט און באשוכט, האָבן יידן דורכ-געהאלטן נאסקייט, קעלטן און פרעסט. פאר אָט דער רעטעניש און ביאָלאָגישער אומקאָנסעקווענץ וועט נאָך אמאָל די וויסנשאפט דארפן זאָגן איר וואָרט. יעדנ-פאלס לאָזט זיך דערווייל דאָ נאָר פעסטשטעלן, אז דער געשלאָגענער און קראנקער גייסט שטארקט דעם גוף; אין דער זעלבער צייט שטארקט אָבער דער גוף ניט דעם גייסט.

די העפטלינגען, און בפרט נאָך יידן, זיינען אין לאגער ניט באטראכט געוואָרן פאר מענטשן. די לאגער-באפעלקערונג האָט זיך גערעכנט פאר א מין פארשפארטע באנדע פון שקלאפן-פארברעכערס, וואָס זיינען פארמישפט צום טויט, און נאָר פארן פרייז פון געשענקטע עטלעכע וואָכן אָדער חדשים לעבן מוזן זיי אוועקגעבן פון זיך דעם דם-התמצית, דעם מאקסימום פון זייער פיזישער פאָ-טענץ, כדי דערנאָך מקבל צו זיין דעם ליידן-באפרייענדיקן טויט. דער לאגער-מענטש איז באטראכט געוואָרן פאר א באשעפעניש אָן א נעפיל, אָן א ווילן און אָן א פארשטאנד. ווער עס האָט נאָר געוואָלט, האָט אים געמעגט שלאָגן, דערנידעריקן. ער האָט אפילו ניט געטאָרט רעאגירן. מיט איבערמענטשלעכער געדולד האָט ער געמוזט אריבערטראָגן די שווערסטע מאָראלישע און פיזישע ליידן. צום אייגענעם פערזענלעכן אומגליק האָט דער לאגער-מענטש זיך באצויגן קאלט; ער איז אין

זיינע ליידן אָפּגעהארטעוועט געוואָרן און באקומען א פארשטיינערט הארץ. ער האָט צוגעזען די בלוטיקסטע און שוידערלעכסטע סצענעס, און געקענט דערביי זיך רואיק קייען ברויט. ער איז געוויר געוואָרן וועגן אומקום פון זיינע נאָענטסטע און פריינט, און גלייכגילטיק זיך געטראכט: „אויך מיך דערוואַרט דער זעלבער סוף; איינער פריער איינער שפּעטער". זיינע טרערן זיינען שוין פון לאנג אויסגעטריקנט געוואָרן. די טיפע ליידן האָבן ניט אויסגעלייטערט און איידעלער געמאכט די נשמה. די אונטערדריקונג און נויט ביים לאגער־מענטשן האָט ניט ארויסגעכישופט קיין אידעאישן דראנג צו באפרייאונג און קאמף. זעלטן ווען עס איז אויפגעקומען א וועלכער אָפּוועג־געדאנק, וואָס זאָל פירן צו א ווירדיקער פארטיידיקונג פון דעם מענטשלעכן כבוד, וואָס איז אין לאגער אזוי געטראָטן געוואָרן מיט די פיס. אמת, מען קען פארצייכענען עטלעכע פאלן פון שטארקערע יחידים, וואָס האָבן דאָ און דאָרט רעאגירט אויף פארשיידענע אופנים. דאָס איז אָבער געווען א טראָפּן אין דעם גרויסן ים פון דער אומענדלעכער יידישער טראגעדיע.

און דאָך איז אפילו אין לאגער די באפעלקערונג באשטאנען פון צוויי קאַטעגאָריעס: אונטערדריקערס און אונטערדריקטע. צו דער ערשטער קאטעגאָריע האָבן געהערט: די לאגער־עלטסטע, בריגאדירן און אנדערע אונטערטרייבערס. אין פיל אנדערע לאגערן איז די אָנגעהעריקייט צו אָט דעם „אייבערשטן שיכט" געווען א פריווילעגיע פון אריער, פון די ס"ם אָדער אויך פון די ארישע העפטלינגען. אין סקאלאטער לאגער זיינען געווען אין דער הינזיכט ספּעציפישע באדינגונגען. די גאנצע אָנפירערשאפט איז דאָ באשטאנען פון אייגענע. די ס"ם, ווי שוין דערציילט, פלעגן אהער קומען נאָר יעדע פּאָר טעג צו גאסטראָלירן. דאָס איז שוין אָבער גענוג געווען צו פילן דעם טעם ביז זייער קומענדיקן באזוך.

די אָנפירערס פון סקאלאטער לאגער האָבן זיך געמאכט טרויעריק בארימט מיט זייערע אכזריותן איבער די אייגענע ברידער. אָט די מענטשן זיינען מייסטנס געקומען פון די אדורכגעפוילטע יודענראטן, וואָס זיינען דורך דער דייטשער מאַשין פארוואנדלט געוואָרן אין אנשטאלטן פון דעמאָראליזאציע און פארראט. ערשט דאָ, אין די ראמען פון א געשלאָסענעם ארבעטס־לאגער, האָבן זיי באקומען א פרוכטבאר פעלד פאר די געמיינסטע און ווילדע מעשים און געוואָרן א ריכטיקער געצייג אין די הענט פון די דייטשן, צו אדורכפירן זייערע פלענער און כוונות. רויב, גזילה און זנות איז געווען דער טאָג־טעגלעכער אינהאלט פון זייער לעבן. שטענדיק

שיכור. אויסגעמוטשעט פון כסדרדיקע הוליאנקעס, שטענדיק דענערווירט, צעיו=
שעט. רציחותדיק; שטענדיק מיט דער צעפּאָכעטער בייטש אין דער האנט, וואָס
איז געלאָפן איבער רוקנס און קעפּ; שטענדיק געשריגן, געזידלט און געשאָלטן.
מיט זיין אנטועכץ האָט דער לאגער=יחסן אויסגעזען ווי אן אונטערוועלט=פראנט, ווי
אן אלפאָנס, מיט עלעגאנטע רייט=הויזן פון גרוי=גרינעם קאָליר, א פּאָר עלעגאנטע,
גלאנציק שווארצע און שטענדיק נייע שטיוועלעך, א ברוין געפּאסטע לעדער=קורט=
קע. מיט א האלב אויפגעשטעלטן קאָלנער, מעשה ווילער יונג, באשמעקט תמיד
מיט א שארפן ריח פון אָדעקאָלאָן און א פיין ציגארעטל אין מויל. די לאגער=
מענטשן פלעגן ציטערן אימת=מוות פאר אזא מין שישקע. נאָך די ארבעט=שעהן איז
ביי זיי אָנגעגאנגען א גאנץ אנדער לעבן. זיי האָבן געגעסן און געטרונקען פונעם
שענסטן און בעסטן. ביז האלבער נאכט, און מאנכמאָל ביז אין דער פרי, פלעגן זיי
זיך אמוזירן ביי קאָרטנשפיל און טייערע געטראנקען. געלט איז ביי זיי געווען
ממש גאָרנישט. מיט באנקנאָטן פלעגט מען זיך פארדרייכערן פּאפּיראָסן, און די
סכומים ביים האזארד האָבן דערגרייכט די גרעסטע ציפערן. סעקסועלע פארגע=
ניגנס האָבן זיי געשעפּט פון די מיידלעך און פרויען אין לאגער, וואָס האָבן
אונטער טעראָר געמוזט גיין אויפן בלויזן ווונק פון אזא הערשער. אלע אָנ=
פירערס האָבן געוווינט אין לאגער=בנין, און אונטער דעם זעלבן דאך פלעגן זיך
אָפּשפּילן די אָרגיעס און הוליאנקעס. די הערשערס און אונטערדריקערס פונעם
לאגער האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט א באזונדערן טיפּ מענטש, וועלכער איז אויך
נים געווען פעאיק צו דענקען נאָרמאל. אליין איז עס געווען א פּחדן, נאָר דער איינ=
ציקער ציל פון אָט די טיפּן איז דאָ געווען — פאר יעדן פּרייז בלייבן לעבן. און
אויב אלץ איז שוין פארלאָרן, טאָ דארף מען לכל הפּחות נאשן פונעם לעבן, אלץ
וואָס עס לאָזט זיך נאָר; אליין אין די הענט פון דעם טייוול, מוז מען זיך אויך
טייוולאָניש אויסלעבן. איבער די מתים, איבער די אָפּגרונטן פון זינד און פאר=
ברעכן, איבער שמוץ און זעלבסט=פאראכטונג האָבן זיי געהאָפט צו ארויספרעסן
דאָס ביסל לעבן, און מעג עס אפילו זיין פארן פּרייז פון טויזנטער אנדערע לעבנס.
„א פּאָר יידן האָבן ביי היטלערן דאָס רעכט צו בלייבן לעבן — און איך צווישן
זיי!“ אזוי פלעגט קאָמענדאנט רוס זאָגן. און ער האָט טאקע איבערגעלעבט.

נאָך דער אקציע פון די „וויינענדיקע קברים“ איז זיך דער גאנצער יודענ=
ראט פון נעטאָ צעפאלן. די הויפּט=אָנפירערס פון יודענראט, ווי נירלער,

צימער, לעמפערט און לאָזער שײנבערג, האָבן באַװיזן צו אָפּראַטעװען זיך מיט זײערע מישפּחות. די אַלע זײַנען איצט אַריבער אין לאַגער, און פון דאָנעט דיריגירט מיט די לעצטע רעשטלעך פון די פאַרשטױסענע און האָפענונגסלאָזע ײדן, װאָס האָבן זיך נאָך געװאַלגערט צװישן די חורבות פונעם געטאָ. אָט די הײפלעך ײדן האָבן געװוּסט גאַנץ קלאָר, אַז זײער גאָענטער סוף איז שױן אומפאַרמײדלעך. נאָר אין לאַגער האָט די סכנה פאַרן לעבן אױסגעװיזן צו זײַן קלענער. יעדער האָט זיך געריסן אַהער, געװאָלט זיך אַרײַנבאַקומען אין לאַגער. פאַר דעם זכות האָט מען אָבער געמוזט טײַער באַצאָלן. די לאַגער־פאַרװאַלטונג האָט געהאַט דעם אױסרײד, אַז דאָס געלט איז באַשטימט אױף שוחד פאַר געשטאַפּאָ. אין דער אמתן איז דער גרעסטער טײל פון דעם געלט געגאַנגען אין די טיפע קעשענעס פון די עסקנים, און דאָס צעלאָזן לעבן פון די לאַגער־יחסנים האָט איצט אױפגעברױזט נאָך מיט מער פאַרנעם. די ײדן, װאָס האָבן ניט פאַרמאָגט קײן געלט, זײַנען אין לאַגער ניט אױפגענומען געװאָרן. דאָס איז װי אַן איראָניע: פריער האָט מען גענומען געלט פאַרן ניט נעמען אין לאַגער, איצט צאָלט מען צו — פאַרן יאָ נעמען.

די לאַגער־באַפעלקערונג האָט זיך איצט פאַרגרעסערט מיט אַ פּאָר צענד־ליק מענטשן, אין דעם אױך פרױען און קינדער. דער מיסחר מיט פּלעצער אין דער „לעבנס־פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט" פון דער פירמע „סקאַלאַטער לאַגער", איז אַזױ אָנגעגאַנגען ביז דער ענדגילטיקער ליקװידירונג פונעם געטאָ. פּרעזעס נירלער, פאַרלירנדיק זײַן מלוכה אינעם יודענראַט, איז איצט געװאָרן „שני למלך" צום לאַגער־עלטסטן רוס. איצט פלעגט שױן נירלער יעדע 5 אַ זײגער פאַרטאָג אױף די אַפּעלן אָפּנעמען די ראַפּאָרטן בײַ די העפטלינגען; גלײַך װי זײַן „פאָרגעזעצטער" איז ער אױך געװען אָנגעטאָן אין אַ פּיזשאַמע, װי אױך מיט אַ רײַט־בײַטש אין דער האַנט. שױן אין אַ קורצער צײַט האָט ער באַװיזן צו דערװעקן אַרום זיך אַזאַ מורא און „רעספּעקט", אַז װען ער פלעגט אַרײַנקומען אין לאָקאַל, האָט זיך יעדער פאַר אים געמוזט אױפשטעלן און אַראָפּציִען דאָס היטל. טאָמער האָט עפּעס אַ נײַ אָנגעקומענער ניט געװוּסט פון דעם מינהג, האָט ער אַרײַנגעכאַפּט מכות־רצח, דערצו נאָך אַ פּאָר טעג קאַרצער. אױך די אַנדערע געװעזענע אָנפירערס פון געטאָ, װי צימער, לעמפערט, שײנבערג, ד״ר בריף א״א, האָבן זיך דאָ טרױעריק באַרימט געמאַכט מיט זײערע שיפלות און רישעות. זײ האָבן זיך אײַנגעטײלט מיט די אַר־בעטס־רעסאָרטן, און, לױטן מוסטער פון די דײַטשן, געפירט דאָ די גרענדע.

רחמנות און יושר אפילו לגבי געוועזענע פריינד און באקאנטע האָט ביי זיי איבערהויפּט ניט עקסיסטירט. די יידישע געטאָ=פּאָליציי, וואָס איז איצט טיילווייז איבערגעגאנגען אין דינסט פון דער לאגער=פארוואלטונג, האָט זיך אויך בלוטיק פארשריבן אין דער ליידנס=געשיכטע פון סקאלאטער לאגער. אלס געצייג אין די הענט פון די דייטשן און זייערע משרתים האָבן זיי ביי אלע געלעגנהייטן ארויסגעוויזן מאסן געמיינקייטן. דער יידישער אָרדענונגס=דינסט האָט זיך אלץ רעקרוטירט פון פּראָטעקציע=קינדער, וואָס האָבן באצאָלט הויכע טאקסעס, ווייל אלס פּאָליציאנטן האָט זיך די סכנה פארן לעבן גערעכנט א קלענערע. מיט זייערע שלעכטע מעשים האָבן אָט די מענטשן אין א גרויסער מאָס דערגאנצט דעם מערדערישן פארניכטונגס=ווערק, וואָס די דייטשן האָבן אויפגעשטעלט קעגן יידישן פאָלק. און ניט נאָר יידן, אויך אנדערע, אפילו נאָרמאל לעבנדיקע פעלקער, זיינען מיטגערים געוואָרן אינעם אלגעמיינעם ווילדן שדים=טאנץ, וואָס דער דייטשער ראפינירטער אפּאראט האָט דאָ אויפגעשטעלט, — דאָס מיטהעלפן פון מענטשן צו פירן זייערע אייגענע צום טויט. אלע מענטשלעכע געפילן האָבן ווי קאַפּיטולירט לטובת עפּעס אן אומפארשטענדלעכן פאטום.

דער יידישער פּאָליציאנט אין לאגער האָט אויסגעפירט הונט=געטריי די באפעלן און פאָדערונגען פון זיינע פאָרגעזעצטע. דערביי האָט ער שוין געהאט די טויזנט מעגלעכקייטן, ווי אליין אויך צו אויסלאָדן זיינע ווילדע אינסטינקטן. מיינסטנס איז דאָס געשען אונטערן שטארקן דרוק פון פחד. אינעם לאגער=לעבן זיינען אויך געקומען צום פאָרשיין די פארשיידנסטע פאסירונגען. — דער פּאָליציאנט שיקעלע גנב, וואָס איז שוין פון לאנג געווען באקאנט ווי א פארדאָרבענער טיפּ, האָט ביים אויספירן זיינע באקומענע באפעלן ארויסגעוויזן מער מענטשלעכקייט און פארשטענדעניש ביי שווערע סיטואציעס, ווען עס האָט זיך געהאנדלט אין לעבנס=פראגן, — איידער די בארופענע אינטעליגענטן מיט דיפּלאָמען. שיקעלע גנב האָט געפילט א באדארף צו טיילן פאר אָרעמע נדבות. דאָס געוויסן פון א גנב האָט זיך ניט איינמאָל ביי אים א וואקל געטאָן, ביים אויספירן אן אומרעכט לגבי אנדערע. ער האָט געקענט ארויסלאָזן בייגאכט דורך א הינטער=טיר צענדליקער אומגליקלעכע מענטשן, ראטעווענדיק זיי פונעם זיכערן טויט, בשעת אנדערע פון דער „אינטעליגענץ“ האָבן פאר געלט אויסגעביטן אָרעמע אויף רייכע. די מאָראל

פון א רוס, דעם לאגער־עלטסטן, אָדער א מג״ר לעמפערט א״א האָט געשמעקט אין א פיל מער טיפערן זומפּ.

צווישן די פּשוטע לאגער־יידן האָט גראָד געהערשט א גאנץ אנדער גייסט. דער אלגעמיינער אומגליק האָט צעמענטירט א געוויסן סאָלידאריטעט־געפיל. ווי די קליינע קינדער האָט מען זיך איינער צום אנדערן געטוליעט. אין די פרייע שעהן פון דער ארבעט פלעגט מען זיך דערציילן מעשהלעך, מען האָט זיך געטרייסט מיט די פארשיידענע „גוטע ידיעות" און שיינע צוקונפטס־בילדער, „אז מען וועט איבער־לעבן". ווי מעטעאָרן פלעגן אויפלויכטן פונקען פון נים־רעאלע האָפענונגען אין נעשטארקט דעם מוט און לעבנס־ווילן. עס האָט געהערשט א ביישפּיללאָזע ברי־דערלעכקייט. מאנכמאָל פלעגט מען זיך טיילן מיטן שטיקל ברויט. יידן פלעגן צווישן זיך, און אויך מיט דער אויסגוועלט, פירן מיסחרים, מיינסטנס טויש־גע־שעפטן. מען האָט דאָך געמוזט האנדלען, וואָס פארדינען, עס זאָל זיין לייכטער צו אדורכלעבן.

מען פלעגט האסן די אונטערדריקערס און אין איינעם פלעגט מען מאכן פּלענער, וואָסערע מעטאָדן אָנצווענדן צו די אלע גייע גזרות. אונטער די פּלייצעס פון דער לאגער־פארוואלטונג האָט זיך אויך געפירט א ברייט פארצווייגטער מיסחר, ספּעציעל מיט ברויט, כּדי פון די אָפּגעשפּאָרטע פארדינסטן צו העלפן די לאגער־יידן אין קאמיאָנקע מיט ברויט. בראש פון אָט דעם געהיימען קרייז איז געשטאנען גיסן קליין פון מיקולינצע, וועלכער האָט וואָד־וועכנטלעך איבערגעשיקט טראנס־פּאָרטן ברויט פאר די ברידער פונעם שכנותדיקן פארניכטונגס־לאגער קאמיאָנקע. דאָרט איז געווען נאָך ערגער.

## מיט געזאנג אויף די ליפּן

די בריגאדעס פלעגן יעדן טאָג גאנץ פרי ארויסמארשירן צו דער ארבעט אין אויסגעשטעלטע רייען, ווי סאָלדאטן. ביים דורכגיין דורך דער שטאָט, און דער עיקר פארביי דעם בנין פון דער שופּאָ, פלעגן זיי מוזן זינגען ספּעציעלע מארש־לידער. די לידער זיינען מיינסטנס לויט זייער אינהאלט געשטאנען גאָר אויף א נידעריקן ניוואָ. די אונטערוועלט־מענטשן צווישן די העפטלינגען האָבן יעדעסמאָל פארפאסט לידלעך צו באקאנטע מעלאָדיעס. צוליב דער צו פיל „נאטוראליסטישער בלומענשפּראך" לוינט אויך ניט צו איבערגעבן זייער אינהאלט. מיטן זינגען האָט עס געדארפט הייסן פאר דער וועלט, אז אין לאגער גייט צו דאָס לעבן לוסטיק און פריילעך. ווען יידן האָבן געזונגען, האָבן די דייטשן דערפון זייער הנאה געהאט; אָפּ־געחוזקט און זיך אמוזירט. דאָס געהערט צו די סאדיסטישע פארגעניגנס, ווען מען הייסט אן אומגליקלעכן מענטשן אָנשטאָט צו וויינען גאָר זינגען. ווי באקאנט, האָבן אין אלע גרויסע לאגערן געשפּילט גאנצע אָרקעסטערס, ווי אויך באגלייט די ארויס־מארשירנדיקע קאָלאָנעס צו דער ארבעט. אונטער די קלאנגען פון מוזיק, טראנס־פּאָרטירט דורך מעגאפאָן־הילכערס, האָבן מענטשן־קינדער דאָרט אין פיל אויסראָט־לאגערן אויך אויסגעהויכט זייערע נשמות. דאָס האָט הפּנים געהערט צו דער דייט־שער מערדערישער פּראָגראם. זיי האָבן באוויזן, אז אפילו די זאכן מוזן קענען אויס־גענוצט ווערן אינעם דינסט פון פארניכטונג און ברוטאליטעט. ווי אין אנדערע לא־גערן, זיינען אויך אין סקאלאטער לאגער געשאפן געוואָרן פארשיידענע לידער, וואָס שפּיגלען אָפּ דאָס לאגער־לעבן אין זיין גאנצער טרויעריקייט. זייער כאראקטערים־טיש איז דאָס ליד, וואָס שטאמט פון קאמיאָנקער לאגער, פון אן אומבאקאנטן מחבר. דאָס ליד איז ביי אלע געלעגנהייטן געזונגען געוואָרן דורך די העפטלינגען פונעם סקאלאטער לאגער.

אין טויזנט נייַן הונדערט צוויי און פערציקסטן יאָר
איז ארוים א נייע ראָזקאזע: (בים)
אז יעדער פאָטער מוז פירן זיין קינד
ווי דער שוחט (צום טויט) דאָס רינד. (בים)

רעפריין:
וואָס קענען מיר טוען, וואָס קענען מיר מאכן?
מיר זיינען אין יעקישע הענט.
אוי, חברים, מיר זיינען אין לאגער,
פארפינצטערט איז אונדזער וועלט.

פרייטיק, אוי פרייטיק, אוי פרייטיק צו נאכטס —
א יעדער ייד איז זיך פארטראכט,
צי האָט ער געגעסן, צי האָט ער געטרונקען —
א פאטש מען טראָגט אים גאָר צו.

רעפריין: וואָס קענען מיר טוען...

שבת, אוי שבת, אוי שבת גאנץ פרי, —
נא זאניאטיא וויכאָדי!
איך וואָלט נערן אין שטאָט געגאנגען,
ווייל דער איזוואָד האָט קיין פריקאז ניט געמאכט.

רעפריין: וואָס קענען מיר טוען...

חבר, אוי חבר, אוי טייערינקער חבר,
איין מאמע האָט אינדז ביידע געהאט.
דיך רופט מען ביים ריכטיקן נאָמען,
און מיך רופט מען: קאלי-בראק. —

רעפריין: וואָס קענען מיר טוען...

דאָס ליד דערציילט אין פּשוטע אָבער שטאַרקע ווערטער פון טאָג־טעג־לעכן לעבן אין לאַגער. די טראַגיק פון דעם לאַגער־מענטשן שפּיגלט זיך דאָ אָפּ אין א האַלב ערנסטער און האַלב איראָנישער אויסדרוק־פאָרעם. איין לאַגער־ייד איז מקנא דעם צווייטן, וואָס דאַכט „איין מאַמע האָט זיי ביידן געהאַט", איז איינער פון זיי נאָך געזונט, ער קען נאָך אַרבעטן און ווערט באַטראַכט פאַר א שטיקל מענטש, דערפאַר רופט מען אים אויך ביים אמתן נאָמען, — און דער צווייטער איז שוין קראַנק און אויסגעמאַטערט, א שיברי כלי, וואָס רעכנט זיך אין לאַגער גאָר פאַר א קאַלי־בראַק. די באַלעבאַטים פון לאַגער גייט אויך ניט אָן, צי דער מענטש האָט געגעסן אָדער געטרונקען, — א פּאַטש האָבן זיי פאַר אים שטענדיק גרייט. דעם יידן ווילט זיך אויך גאַנץ אָפּט גיין אין שטאָט, קומען אין באַרירונג מיט אַנדערע מענטשן, האָבן די געלעגנהייט אפשר אויך צו כאַפּן א שטיקל ברויט, — אָבער די אַרבעטס־קאָלאָנע, האָט נאָך ניט באַקומען דעם „פּריקאַז", דעם באַ־פעל, אַרויסצומאַרשירן געשלאָסן און באַוואַכט צום אַרבעטס־פּלאַץ...

אַזוי האָט געזונגען דער לאַגער־ייד פון קאַמיאָנקע, אַזוי האָט ער אויך גע־זונגען אין סקאַלאַט. מיט געזאַנג אויף די ליפּן האָט ער מאַרשירט איבער די גאַסן. און אין דער שטיל האָבן זיך הערצער געבראָכן...

# א סדר=נאכט אין לאגער

עס איז געווען נאָך דער אקציע, וואָס איז פאָרגעקומען פאר פסח. אלע קליידער פון די קרבנות האָט מען געבראכט אין לאגער אריין. דאָ זיינען די קליידער געוואָרן סאָרטירט און געפאקט אין באלן, אויף צום אָפּטראנספּאָרטירן קיין דייטשלאנד, ביי אָט דער ארבעט האָבן די לאגער=יידן דורכגעמאכט שרעקלעכע מינוטן. ניט איינער האָט דאָ דערקענט דאָס קליידעלע פון זיין איינן קינד, אָדער די מלבושים פונעם ברודער, טאטן און נוטן פריינד. אמת, די געפילן זיינען שוין פון לאנג געווען ווי אָפּגעטויט, דאָך האָט א פארבלוטיקט מלבוש דערשיטערנדיק געווירקט אויפן גאנצן וועזן פון א לאגער=ייד. דאָס האָט א שניידיקן אויפריר נעמאָן זיין גאנצן פארגליווערטן נערוון=סיסטעם. ווער ווייסט, צי מאָרגן אָדער איבערמאָרגן, וועט א צווייטער ייד זיך ניט מטפל זיין מיט מיינע פארבלוטיקטע קליידער? .. אין די פאלדן פון די בגדים זיינען אָפט געווען איינגענייט דאָלארן אָדער גאָלד. די מאגאזינערן האָבן געקוקט אויף די פינגער, און דעם פשוטן לאגער=מענטשן פלעגט אָנשפּרינגען א געדאנק: ווער וועט זיך דערמיט באווייכערן? צי ניט די פארזאָרגערס? צי וואָלט אויך אונדז ניט צו נוץ געקומען דאָס גאָלד — זיך צו ראטעווען? .. עס האָט א גלאנץ געטאָן אויף דער ערד א בריליאנט, אן ארויסגעפאלענער פון א מלבוש; ער האָט א גלאנץ געטאָן און באלד זיך פארלאָשן אין פינצטערע געדאנקען וועגן דער אייגענער פארלוירנקייט. אין אזעלכע מאָמענטן פון השבון הנפש האָט זיך דער לאגער=מענטש ניט איינמאָל געפונען. מען האָט שטענדיק ארום זיך געפילט דעם טויט, מען האָט אים אָבער ניט פארשטאנען . . .

א געוויסער טייל פון דער לאגער=באפעלקערונג פלעגט זוכן א טרייסט אין דער רעליגיעזער באהעפטונג מיט גאָט. גלויבן, ביטחון און תפילה קענען מאנכמאָל אויך גזרות מבטל זיין!—חסידישע יונגעלייט, ווי אשר געטער, מיכל קליין, ניסן מעסינג א״א, פלעגן בנגבה איינאָרדענען א תפילה בציבור. אָפּהאלטן יאָרצייטן

און זאָגן קדיש זיינען געווען די שענסטע דערגרייכונגען אין דעם אזוי טרויעריקן לעבן. די געוואגטע ביז רעוואָלוציאָנערע פרומקייט האָט באפליגלט די שוואכמו־טיקע און זיי געבראכט צו מאָמענטן פון דערלייזונג, אויב ניט פארן גוף, איז כאָטש פאר דער נשמה.

עס איז געווען די ערשטע פסח־נאכט. מען איז צוריקגעקומען פון דער אר־בעט, מיד און צעבראָכן. מען האָט זיך דערמאָנט, אז וויט איז דער יום־טוב פון באפרייאונג און פרילינג. עס וועקט זיך די נאטור צום לעבן, עס בלויט דער הימל, עס גרינט די ערד; עס שטארבן בכורים, קנעכט ווערן מענטשן. די ברוטאלע הער־שערס ווערן געפלאָגט מיט אלערליי מכות; עס טרינקען זיך פרעהס.. אין זיכרון וואכט אויף די היים פון אמאָל. א וויים געדעקטער טיש, אין די זילבערנע לייכטער פינקלען די ליכט; א פסח־טיש, מיט די כוסות, און אויבן־אָן א הסבה־בעט פארן מלך... ארום און ארום שוועבט די פרייד, און קינדער, א ווייב, א פריינד... די אוינן נעמען גלאנצן. —

— יידן, לאָמיר מאכן א סדר, — ניט ווער א רוף — עס איז דאָך עפעס היינט די ערשטע סדר־נאכט!.. דאַרט הוליען די קאָמענדאנטן און מושלים, מיר חעלן אכטונג געבן, אז זיי זאָלן אונדז ניט כאפן, — מיר מאכן א סדר!..

מען צעשטעלט וואכן ביי די טרעפ און ביים טויער. טאָמער באווייזט זיך ווער, וועט קומען אן אָפגערעדטער סיגנאל, און אלע וועלן גלייך זיך מאכן שלאָפנ־דיק אויף זייערע נארעס.

עס דויערט ניט לאנג, און פון אויער צו אויער לויפט אום דער סוד. באלד איז פול דער רוים. עס ווערט געבווירן א טיש. אויפן טיש וואקסן אויס צוויי ברענענ־דיקע ליכט. א שטיקל מצה פאר א זכר ליגט אויך שוין גרייט, עס שטייט אויפן טיש א בלעכענע שיסל מיט חרוסת און — מרור, מרור...

דריי יידן זעצן זיך אויף א באנק און נעמען זיך גרייטן צום דערציילן די וווּנדערבארע געשיכטע פון קנעכטשאפט און פרייהייט. „היינטיקס יאָר נאָך קנעכט, איבער א יאָר שוין פרייע לייט!“... אויף אלע ווענט הענגען שווערע שאָטנס וואָס באוועגן זיך סודותפול צוזאמען מיט די פלעמלעך פון די ליכט. פון די צוויי־שטאָ־קיקע נארעס קוקן ארויס גאנצע רייען פון מענטשן־קעפ; זייערע דערשראָקענע בליקן וואַרפן זיך מיט דערווארטונג צום ציטערנדיקן ליכט פונעם סדר־טיש. עס קלאפן די הערצער, עקסטאז, דערהויבונג, א הייליקער ציטער. פון די טיפע גע־

לעגערס, פון די ווינקלען, פון אונטערן טיש, פון אונטער די בעטן, — פון דער גאנצער ענגשאפט ארום. איין גרויסער הויפן מענטשן־קעפ, בלייכע, דערשראָקענע, געשפּענצערס. מען וויל שוין הערן די הגדה!

און קלינגט באלד דער באקאנטער ניגון... עבדים היינו... צא ולמד... פארגאנגענע צייטן..., געווען איז אמאָל א פארשווערונג אין בני־ברק... שא, שטילער, מען קען נאָך דערהערן! און דער געזאנג ווערט שטילער און שטילער: דער ניגון בייגט זיך צו די אויפגעשפּיצטע אויערן, נאָר שווער איז צום אויפכאפּן דאָס לעבעדיקע וואָרט... שטילער! נאָך שטילער, מען זאָל ניט דערהערן. בלויז צום הארץ איז פרייער דער וועג, מען הערט ניט, נאָר מען פילט, און צום טרערן־קוואל איז שוין א קורצער שפּאן, ווייגען איצט אלע היים און הארציק. דער גאנצער רוים פארוואנדלט זיך אין איין גרויסן טרערן־טייך. מען דערמאָנט זיך ווידער דעם אמאָל, דעם נעכטן, דעם היינט...

פונעם טיש רייסט זיך קוים צום הערן: דם, צפרדע, כינים... און מען דערפילט דעם טעם פון אלע מכות: דאָס מיינט מען דאָך אונדז; צי איז אין מצרים אויך געווען א לאגער? —

די גרויסע מיסטעריע פון ליידן גיסט זיך אויס אויף אלעמענס געמיטער און טיילט אויס א האלבע טרייסט...

אשר געטער האָט באלד געזונגען דעם הללדיקן ליבגעזאנג. ווען די ארבע כוסות זיינען שוין פול געווען מיט טרערן, האָט ניסן מעסינג פארענדיקט מיטן אלעגאָרישן חד־גדיא־ליד. —

אלע לאגער־קנעכט האָבן געפייערט די ערשטע סדר־נאכט.

## די פראַטמענאַדע פון גייסטערס

צוקוקנדיק זיך צום טרויעריקן מצב פון דעם נאָך געבליבענעם הייפל יידן אין געטאָ, וואָס זיינען געווען איינגעפּרעסט אין די דריי צענדליק הייזלעך און פלעגן אין שרעק צוליב די אקציעס זיך וואַלגערן דורך די נעכט אין די בונקערס אָדער אויף די פעלדער, — האָבן די לאַגער־יידן געזען, אז זייער גורל איז פאַר־לויפיג דאָך בעסער קעגן זייערע ברידער פון געטאָ. ביי די לעצטע אקציעס זיינען די לאַגער־יידן געוואָרן געשוינט, און אויך אויף ווייטער, זאָגט מען, וועלן יידן אין לאַגער קענען א געוויסע צייט נאָך לעבן. ניט איינער פון די אומגליקלעכע אין געטאָ וואָלט זיך געוווּנטשן אויפגענומען צו ווערן אין לאַגער. זינט עס זיינען אראָפּ־געקומען די 10 מיליציאַנטן פון טארנאָפּאָל איז די פּאַניק אין שטעטל דערגאַנגען ביז פאַרצווייפלונג. מען האָט געוווּסט, אז די טעג פונעם לעבן זיינען געציילטע. און ווירקלעך האָט די שבועותדיקע אקציע א סוף געמאַכט צו די לעצטע פונקען פון די יידישע האָפענונגען און אילוזיעס. דאָס שטעטל איז דערקלערט געוואָרן פאַר ,,יודענ־ריין". אויך דאָסמאָל האָט מען געשוינט דעם לאַגער. איצט פלעגן אָבער כסדר קומען די לעצטע אנטלאָפענע און אויסבאהאַלטענע פון דער ליקווידירונגס־אקציע און זיך בעטן, מען זאָל זיי נעמען אין לאַגער אריין. אחוץ יחידים, וועמען עס איז געלונגען אויפגענומען צו ווערן, איז געבליבן דער לאַגער מיט זיינע איבער 400 יידישע גע־פאַנגענע ווי א געשלאָסענע פעסטונג. דאָס איז געווען נאָך פון די איינציקע לעגאַלע יידישע יישובים אין דער געגנט. דאָס געטאָ איז שוין געווען חרוב, אויסגעגלייכט מיט דער ערד. עס זיינען נאָך אָבער דאָרט געלעגן די צענדליקער יידן ערגעץ אין ניט אנטדעקטע בונקערס אונטער דער ערד. צוליבן מאַנגל אין לעבנסמיטל האָבן זיי דאָך געמוזט איינציקווייז פאַרלאָזן זייערע באהעלטענישן און זיך זוכן ווו א נייע רעטונג.

אין די נעכט פלעגן זיך אומבלאָנקען אויף אלע וועגן און אין אלע געסלעך פאַרשטויסענע נשמות, ווי שאָטנס זיך ארומגעשלייכט; ביים סאמע ראנד פונעם

אָפּגרונט פלעגן זיי זיך זוכן א וועלכע מעגלעכקייט צום לעבן. פיל זיינען אריינגעפאלן אין די אומברחמנותדיקע הענט פון געוויסנלאָזע פויערים, וואָס האָבן זיי צו ערשט ארומגערויבט, דערנאָך זיי איבערגעגעבן צו דער פּאָליציי, ד"ה צום טויט. א גרעסערער טייל פון די ארומוואנדלערס האָבן זיך פארגנבעט אין הויף פונעם לאגער און זיך באהאלטן אין די אָנגעטורעמטע הויפנס מעבל און אנדערע הפצים, וואָס האָבן געשטאמט פון די יידישע אויסגעראבירטע הייזער. מיט דער געשיקטקייט פון אקראָבאטן האָבן זיי זיך דאָרט פארנעסט, אין די שפּארעס, אין די פאכן פון די שרענק, איינגעפּרעסט און איינגעדרייט. אנדערע האָבן מיט א טאשןמעסערל אָדער מיט די נעגל אויסגעקראצט זיך ווו נאָרעס, מויז-לעכער. מיט זייערע לעצטע כוחות האָבן זיך די מענטשן געקלאמערט אָנעם לעבן, מיט צוזאמענגעפּרעסטע גלידער, הונגעריק און שמוציק זיינען די אומגליקלעכע דאָרט דעם גאנצן טאָג געלעגן באוועגונגסלאָז און שטיל. ערשט אין טיפער נאכט, ווען דער גאנצער לאגער איז געווען איינגעוויקלט אין שלאָף, פלעגן זיי איינציקווייז ארויסקריכן פון די באהעלטענישן, אויף די שפּיץ פינגער, אָן גערויש, ווי די שאָטנס האָבן זיי זיך פארגנבעט אין הויף צום מיסטקאסטן און פון דאָרט מיט ציטערנדיקע הענט גענומען שאָלעכץ פון קארטאָפל און אנדערע אָפּפאלן פון דער קיך. מיט אָט דער פארפלעגונג האָבן זיך דאָרט די מענטשן דערנערט. אזא פראָמענאדע פון גייסטערס פלעגט נאכט נאָך נאכט זיך דורכשלייכן דורכן הויף פונעם לאגער און קיינער האָט דערפון ניט געוווסט. די רעגנס האָבן מאנכמאָל געוואשן זייערע סקעלעט-גופים, האָט זיי דערפרישט, דערוועקט און אָפּגעקילט דעם ברען פונעם פיבער, און די איינגעטריקנטע צונג האָט געלעקט די וואסער-טראָפּנס ווי טייערסטן ווייַן. האָבן אויך די קליידער געמעגט פוילן, שטעכן אין די ריפּן, האָט מען אויך געמעגט ווערן אויפגעפרעסן פון די לייז, — מען מוז לעבן און דורכהאלטן!..

ווען די לאגער-יידן האָבן דורך א צופאל אנטדעקט די לעבעדיקע מתיםקאָלאָנע ביי זיך אויפן הויף, האָבן זיי ערשט איצט נעקענט אָפּשאַטן ווי גליקלעכער זיי זיינען עס אין זייער אומגליק. אין די נעכט, בסוד סודות פלעגן מאנכע יידן דערלאנגען די אומגליקלעכע א שטיקל ברויט און א קארטאָפל. די ברידערלעכע הילף פון די לאגער-יידן האָט פיל דערלייכטערט דאָס לעבן פון די פארשטויסענע חער ווייסט ווי לאנג די „לעבנס-אידיליע" וואָלט נאָך געווען געדויערט, ווען די לאגער-פאהוואלטונג וואָלט דערפון ניט געוויר געוואָרן. דאָס איז דאָך א ניט-דער-

לאָזלעבער פּאַל,— האָבן זיי געשריען— און וואָס וועט דערצו רעבעל זאָגן, טאַמער ווערט ער דערפון געוווּיר? עס וועלן דאָך ליידן די אַלע לאַגער־יידן! ... די אָנ־פירערשאַפט האָט באַשלאָסן א סוף צו מאַכן צו דער גאַנצער געשיכטע. אין א שיינער לבנה־נאַכט, אַרום 1 א זייגער, זיינען אַרויסגעקומען פּרעזעס נירלער, קאָמענדאַנט רוס און שיקעלע גנב, זיך פאַרקאַטשעט די אַרבעל און אָנגעהויבן איינציקווייז אוועקצונעמען די פאַרשיידענע גראַטעס און מעבל־שטיקער פון הויף. באַלד האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט איינעם נאָכן אַנדערן די לעבעדיקע וועזנס, ענלע־כע צו מענטשן. דערשראָקענע, ציטערנדיקע, פאַרגעלטע, אויסגעדאַרטע, מיט טיפע פינצטערע אויגן־לעכער, זיינען זיי וואַקלדיק געשטאַנען און זיך קוים געהאַלטן אויף זייערע שטעקלעך־פיס. כאָטש מענטשן פון איינעם שטעטל, שווער זיי אבער צו דערקענען: אויסגעשמאַכט די פּנימער, די קליידער קרוע־בלואידיקע, ווי אַרויס־געצויגענע פון קויט; די פּלייצעס האָבן געוווּנען זיך אין קראַצעניש געוואָרפן, און אן איבלדיקער ריח האָט זיך געטראָגן פון זיי. אונטערן געוויש פון כסדרדיקן קלאַפּן און רוקן פון די מעבל איז אויסגעוואַקסן די גרופּע פון די אומגליקלעכע, ביז 50 נפשות, וואָס האָבן איצט שטיל געוואַרט אויפן ווייטערדיקן פאַרלויף פון די געשעענישן. ביים שיין פון דער לבנה האָט דאָס בילד אויסגעזען שרעקלעך, געשפּענצעריש, ווי ערב א מתים־טאַנץ פון סקעלעטן. „ווער עס האָט געלט, נאָלד, רינגעלעך, זיינערלעך און אַנדערע ווערט זאַכן דאַרף עס אָפּגעבן, וועט מען אים דערפאַר איבערלאָזן אין לאַגער; און ווער עס האָט עס ניט, וועט מוזן פון דאַנען אוועקגיין"— האָט איינער פון די דריי אַנטדעקערס אויסגערופן און דערביי אויס־געשטעלט א היטל און מיט א לייכטער האַנט־באַוועגונג געגעבן א צייכן, אז מען באַדאַרף אהין אַריינוואַרפן. „אוי, טייערינקע יידן, נאַט אייך, אבי לאָזט אונדז לעבן!" — האָבן די יידן זיך אָפּגערופן, און יעדער פון זיי האָט געגעבן וואָס ער האָט נאָך געהאַט. די וואָס האָבן ניט געהאַט, האָט מען אוועקגעשטעלט אָן א זייט. „כאָטש איר האָט ניט, ווערט איר אויך פאַררעכנט." — האָט איינער פון די דריי באַרמהאַרציק א זאָג געטאָן.

די אָבלאַווע האָט געדויערט איבער 2 שעה. עס האָט שוין באַלד אָנגעהויבן צו טאָגן, און דער עולם שלעפערס איז געבליבן אליין אן א שמירה, מען האָט ניט געדאַרפט מורא האָבן, אז ווער פון זיי וועט אַנטלויפן. וווּהין? צי האָבן זיי דען נאָך כוח צו לויפן? דערווייל האָבן זיי געאָטעמט די פרישע לופט, און די האָפענונג צו

בלייבן אין לאגער האָט זיי צוגעגעבן פרישן כוח. די צעבראָכענע אברים האָבן זיך געפונען ווי אין א טראנס. זיי האָבן זיך באוועגט ניט פון אייגענעם ווילן, נאָר זיך קאָנוווּלסיוו געוואָרפן, גלייך אין דער גסיסה, ווען עס ווערט לייכטער פארן טויט. „פארוואָסזשע האָט מען אונדז שוין ניט ארייננגעלאָזט אין לאגער?" — האָט ווער פון זיי א פרעג געטאָן — „מיר האָבן דאָך באצאָלט!" „ווייל מיר זיינען פארלייזיקט" — איז געפאלן אן ענטפער — „מאָרגן, ווען די לאגער־יידן וועלן גיין צו דער ארבעט, וועלן מיר זיך וואשן, מען וועט אונדז געבן ריינע וועש און עסן"... עסן... א ריכטיקע באמערקונג, האָט יעדער זיך געטראכט. ווי דערלעבט מען שוין אָבער דעם מאָרגן? —

צו מאָרגנס איז געקומען שוּפאָ און פארנומען די אומגליקלעכע. מען האָט זיי אויפן בית־עולם אויסגעשאָסן און א סוף געמאכט צו זייער לעבן, אויך צו זייערע ליידן.

## די ערשטע לאגער־אקציע

יעדע געשעעניש אין און ארום לאגער האָט געלייגט איר שטעמפּל אויף די מענטשן. דער לאגער האָט גענומען אויסזען ווי אן אנשטאלט פון משוגעים. עס זיינען אָנגעקומען ידיעות וועגן די טראגישע פארניכטונגען פון אלע לאגערן פון דער סביבה: קאמיאָנקע—אויסגעשאָסן; באָרקי ווועלקיע, 1200 יידן, לעבעדיק פאר־ברענט; פּאָדוואָלאָטשיסק—פארניכטעט. מען האָט געפילט, אז עס דערנענטערט זיך דער סוף אויך פארן סקאלאטער לאגער. כמעט יעדן טאָג זיינען געקומען ס״ס־מענער אויף קאָנטראָלן. זיי האָבן ניט ארויסגעוויזן אזוינע ווילדקייטן און רישעות ווי פריער. פארקערט, זיי פלעגן אלץ פארזיכערן, אז דאָ אין סקאלאט וועט דער־ווייל קיין שלעכטס ניט פּאָרקומען. כדי אויך אונטערצושטרייכן די וויכטיקייט פון די יידישע לייסטונגען, האָבן זיי געמאכט גרויסע באשטעלונגען אויף ארבעט אין די לאגער־ווארשטאטן. — ווידער א סימן, אז די יידן זיינען ניט־פארבייטלעך, „אונ־ענטבעהרליך״. די דייטשן פלעגן זיך אויך געוויינטלעך לאָזן ווילגיין אויף די ספּע־ציעל אָנגעגרייטע סעודות און הוליאנקעס, גלייך ווי תמיד. מען האָט געלאכט און געשיכורט און געשפּילט אין קאָרטן.

מיט דער צייט האָבן די הוליאנקעס און אָרגיעס אָנגענומען ממש ווילדע און פאנטאסטישע פאָרמען. אין א געוויסן אויפדערנאכט האָט דער שיכורער אָבער־שטורמפירער רעבעל באפוילן, אז אלע מיידלעך פון לאגער מוזן דערשיינען נאקעטע אין זאל. עס האָט ניט געהאָלפן קיין בעטן, עס האָט ניט געהאָלפן אויך דאָס מכבד זיין מיט פרישע מתנות. אונטער געשרייען און שיסעריי זיינען די מיידלעך נעקומען. אין זאל איז געווען לוסטיק און ליכטיק. דער אָרקעסטער האָט געשפּילט. מען האָט געטאנצט און געלאכט. פלוצעם האָט זיך רעבעל געשטעלט אין מיטן זאל, געהייסן די נאקעטע מיידלעך דורכמארשירן איינער נאָך דער אנדערער, ער האָט זיי געשמיסן מיט דער בייטש און דערביי געשריען מיט ווילדע קולות: „שלעכט! נאָך איין מאָל!״ און די פראָמענאדע האָט געמוזט נאָכאמאָל מיט באלאנסירנדיקע שריט

פאַרביימאַרשירן פאַר אים אוגמערן האָגל פון בייטשן. געלעכטערס און געשרייען, קרעכצעריי און געוויינען פון די געפּייניקטע מיידלעך האָבן זיך צוזאַמענגעמישט מיט קלאַנגען פון מוזיק.

די לאַגער־פאַרוואַלטונג האָט געפילט די גאַנצע געפאַר און האָט געאַרבעט אויף אַלע כלים צו שטעלן זיך אין אַ ענגן קאָנטאַקט מיט וועמען פון די דייטשן, כדי צו קענען באַקומען ריכטיקע און גענויערע אינפאָרמאַציעס וועגן דער לאַגע. אַזאַ מענטשן איז זיי געלונגען צו באַקומען. דאָס איז געווען דער שופּאָ־פּאָליציסט מאַראָלד. דער עסק, פאַרשטייט זיך, האָט זיך אים געלוינט, ווייל ער האָט דערפאַר באַקומען די טייערסטע מתנות.

אין אַ געווויסן טאָג, דאָס איז געווען דעם 29. 6. 1943, איז דער אויבנדער־מאַנטער צוטראָגער געקומען אין לאַגער אריין און געזאָגט דעם פּרעזעס גירלער אויפן אויער אַ סוד: דער אורטייל איז געפאַלן! מאָרגן גאַנץ פרי באַדאַרף זיין אין לאַגער די ליקווידירונגס־אַקציע. „איר קענט זיך נאָך ראַטעווען", האָט דער דייטש געזאָגט. פּרעזעס גירלער האָט באַלד יעדן געוואָרנט: „ראַטעוועט אייך יעדערער ווי ער קען". פון דער ידיעה איז יעדער אויפגעציטערט געוואָרן. ווו קען מען לויפן? —

נירלער, רוס און די אַנדערע אָנפירערס זייגען דורך נאַכט אוועקגעגאַנגען ערגעץ הינטער דער שטאָט, אָדער אין די דערפער, צו זייערע לאַנג אָנגעגרייטע באַהעלטענישן ביי די גוט באַצאָלטע קריסטן, מיט זיך האָבן זיי מיטגענומען זייערע פאַמיליעס. דער גרעסטער טייל, מייגסטנס פון די יינגערע מענטשן, זייגען אין דער נאַכט אַנטלאָפן אין פאַרשיידענע אומבאַקאַנטע ריכטונגען. קיין ברירה איז נישט. מען איז געלאָפן אָן אַ ציל ווו גאָר די אויגן האָבן געטראָגן. די עלטערע פרויען און דער גרעסטער טייל פון דער שייס־בריגאַדע, אויך אַ פּאָר עלנטע קינדער, מיט וועלכע קיינער האָט זיך אין דער גרויסער פּאַניק נישט אינטערעסירט, צוזאַמען אַן ערך 140 מענטשן, זיינען געבליבן אויף די ערטער. אַנדערע זייגען שוין גרייט געווען צו אַלץ, אבי אַ סוף זאָל נעמען צו אַזאַ געמאַטערט לעבן. אַנדערע זיינען געווען ווי פאַרטויבט און גלייכגילטיק. אַ קליינער טייל האָט אויך געגלויבט אין ניסים, אָדער אַז אַ מענטש דאַרף זיך גיט קעגנשטעלן דעם ווילן פון גאָט. די הויפּט־סיבה פון אַלעמענס בלייבן אויף אַן אָרט איז אָבער געווען דאָס פעלן פון פינאַנסיעלע מיטלען.

די וואָרענונג פון שופּאָ־פּאָליציסט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ ריכטיקע

־עם 30טן יוני 1943, כ'ז סיון תש'ג האָבן באוואָפנטע ס"ס פון טארנאָפּאָל צוזאמען מיט דער אָרטיקער שופּאָ, קריפּאָ און אוקראַינישער מיליץ ארומגערינגלט דעם סקאלאטער לאגער. די אלע מענטשן, וואָס זיי האָבן דאָרטן אָנגעטראָפן, האָט מען באלד ארויסגעפירט אין פעלד הינטער דער שטאָט, דאָרטן ווּ עס האָבן זיך שוין געפונען די קברים פון די פריערדיקע אקציעס, און ביים שוין צוגעגרייטן קבר האָט מען זיי אלעמען אויסגעשאָסן. יעדע ווײַלע האָבן פּויערים צוגעפירט פריש גע־כאפּטע יידן, וואָס האָבן זיך ארומגעבלאָנקעט אויף די פעלדער, און אויך זיי האָט מען געשטעלט אונטערן מאשין־געווער. דאָס זיינען געווען די יידן, וואָס זיינען ערשט נעכטן אנטלאָפן פון לאגער. די צאָל קרבנות פון יענעם שחיטה־טאָג ווערט געשאצט ביז 200.

די קרבנות האָט באגראָבן דער אוקראַינישער בוי־דינסט.

גרופּעס פון די אנטלאָפענע לאגער־יידן האָבן זיך אומגעוואלגערט אין די פעלדער הונגעריקע און פארוואָרלאָזטע. ניט זעענדיק קיין ציל און קיין אויסוועג, זיינען אנדערע פון זיי אוועק אין די וועלדער. דער גרעסטער טייל האָט זיך אָבער געווענדט צו דער פירמע אָטטאָ הייל אין נאָוואָסיאָלקע ווען א מעגלעכקייט ווידער צו ווערן דורך זיי באשעפטיקט. דער ענטפער איז געווען א ניט קלאָרער, ווייל די פירמע האָט זיך געמוזט בּאראטן מיט די העכערע מאכט־אָרגאנען. די פירמע אָטטאָ הייל האָט ספּעציעל ארויסגעשיקט א שליח קיין טארנאָפּאָל, וועל־כער איז נאָך דעם זעלבן טאָג צוריקגעקומען און געבראכט די „גוטע" בשורה, אז די אלע, וואָס זיינען געבליבן ביים לעבן מעגן זיך ווידער אָרגאניזירן אלס געשלאָ־סענער לאגער אין סקאלאט. פון טארנאָפּאָל איז אויך דעם אנדערן טאָג אָנגעקומען א מאשין מיט פּראָדוקטן, פארפלעגונג אויף א געוויסער צייט. עס האָבן זיך גע־נומען צוריקקערן גרופּעס יידן, און א געוויסער יונגערמאן מיטן נאָמען פאָגעל האָט זיך געשטעלט בראש פון דעם ניי געשאפענעם לאגער. ווען די געוועזענע לאגער־פארוואלטונג איז דערפון געוואויר געוואָרן, זיינען זיי ארוים פון זייערע באהעלטענישן און צוריקגעקומען אהער איבערנעמען זייער אמאָליקע „מלוכה". עס האָבן זיך צו־נויפגעזאמלט אן ערך 200 מענטשן. מען האָט ווידער איינגעפירט די אלטע לאגער־פּראָצעדור און יידן האָבן געארבעט ביים שטיינבראָך. די דייטשן פלעגן ארויסשיקן יידישע ארבעטס־קאָמאנדעס אויך אין אנדערע ערטער, ווּ יידן זיינען שוין איצט מער ניט געווען.

## פארטיזאנער

עטלעכע טעג נאָך דער ערשטער בלוטיקער לאַגער=אקציע האָט א גרעסערע גרופּע פון די לעבנגעבליבענע יידן ווידער געארבעט ביים שטיינבראָך אין נאָוואָסיאָלקע, ניט ווייט פון וואלד, 2 ק״מ פון סקאלאט.

עס איז געווען גראָד די מיטאָג=הפסקה, ווען די העפטלינגען האָבן זיך אָפּגערוט פון זייער שווערער ארבעט. פּלוצלונג זיינען אָנגעלאָפן פאסטעכער און מיט א פארכאפּטן אָטעם איבערגעגעבן די יידן די בשורה, אז סאָוועטישע פארטיזאנער זיינען דאָ; זיי געפינען זיך אין וואלד, און נאָך היינט, האָבן זיי געזאָגט, וועלן זיי קומען אין שטאָט אריין. עס האָט קיינער פון די יידן ניט געוואָלט גלויבן אין דעם. פון וואנען? ווי אזוי? אָבער דאָס כסדרדיקע שיסעריי האָט אָנגעזאָגט, אז עפּעס אומדערווארטס באדארף געשען. פאר שיסעריי און באמבן=עקספּלאָזיעס האָט שוין קיינער ניט מורא געהאט; פארקערט, דאָס האָט ארויסגערופן א געוויסע דערלייכטערונג און שאָדן=פרייד: אדרבה, זאָלן זיי דרעשן דעם שונא אפילו א גאנצן מעת=לעת!

באלד האָבן זיך באוויזן אויפן הימל עסקאדרעס עראָפּלאנען, און אייניקע פון זיי האָבן זיך אראָפּגעלאָזן גאנץ נידעריק. באמערקנדיק גרעסערע גרופּעס מענטשן ביים שטיינבראָך, האָבן זיי פון מאשין=געווער אראָפּגעשיקט א הייסן האָגל סאלוועס אויף די יידישע קעפּ. פארצווייפלטע און פארווירטע האָבן יידן אָנגעהויבן צו לויפן איבער די פעלדער. זיי האָבן זיך פארשטעקט צווישן די זאנגען און געווארט מיט גרויס הארצקלאפּעניש און שפּאנונג ביז די געפאר וועט אריבער.

דערווייל האָט זיך די ידיעה בליץ=שנעל פארשפּרייט אין שטאָט, און אויך אין די שכנותדיקע דערפער. די דייטשע און אוקראינישע פּאָליציי זיינען ארומגעלאָפן פארסמטע, ניט וויסנדיק אליין וואָס עס איז צו טאָן. די דייטשן האָבן דאָך באוויזן אין דער לעצטער מינוט צו אָרגאניזירן אייניקע גרופּעס צום שטעלן זיך אין קאמף מיטן אָנרוקנדיקן שונא. עס איז טעלעפאָנירט געוואָרן צו די ארומיקע

דערפֿער, אַז אַלע מאַנשאַפֿטן פֿון דער אוקראַינישער מיליץ מוזן תּיכּף ומיד קומען אין פֿולער קריגס־גרייטשאַפֿט. זיי האָבן אויך באַלד אויף די פֿיס געשטעלט די שופּאָ, די קריפּאָ און אַלע אַנדערע כּוחות. דער רעשט באַאַמטע און העכערע הערן פֿון אַלע דייטשן אינסטיטוציעס זיינען אין גרויס פּאַניק געלאָפֿן זיך באַהאַלטן.

אַרום 5 אַ זייגער נאָך מיטאָג האָט זיך אין דאָרף נאָוואָסיאָלקע באַוויזן דער ערשטער פּאַטרול פֿון די סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער. הינטערן וואַלד האָבן זיך פֿאַר־פֿעסטיקט די דייטשן און אוקראַינישע פֿאַרטיידיקערס, און שוין 7 אַ זייגער האָט זיך אָנגעהויבן דער אָנגריף אויפֿן דאָרף, וואָס איז כּמעט אָן קאַמף איינגענומען גע־וואָרן דורך די פּאַרטיזאַנער. ערשט ביים וואַלד איז געקומען צו אַ באַוואָפֿנטן צו־זאַמענשטויס מיט די דייטשן, וועלכע האָבן געפּרוּווט אַרומרינגלען די פֿיל שטאַר־קערע סאָוועטישע חיילות. דאָס האָט זיך זיי אָבער ניט איינגעגעבן. נאָך אַ האַלב שעהדיקן קאַמף האָבן די פּאַרטיזאַנער אויסגעלייגט כּמעט דריי פֿערטל פֿון די דייטשע און אוקראַינישע קעמפֿערס. דעם גאָר קליינעם רעשט איז געלונגען צו אַנטלויפֿן קוים מיט לעבן. דערנאָך האָבן די פּאַרטיזאַנער אונטער דער אָנפֿירונג פֿון באַרימטן גענעראַל קאָלפּאַק אַרומגערינגלט די פֿאַרלאָזענע שטאָט און זי איינ־גענומען. אויפֿן שלאַכט־פֿעלד זיינען געבליבן אַן ערך 100 טויטע, פֿון זיי ביי 60 אוקראַינער און דער רעשט דייטשן.

אין שטאָט האָט צווישן די יידן געהערשט אַ גרויסע שימחה, די סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער האָבן איבערגענומען די מאַכט און פֿיל יידן האָבן נאַאיוו געגלויבט, אַז די הילף איז שוין אין דער אמתן געקומען. אין ערגסטן פֿאַל וועלן דאָך אַלע יידן פֿון לאַגער קענען מיטגיין מיט די פּאַרטיזאַנער! עס איז אָבער אַזוי ניט געווען.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן די פּאַרטיזאַנער געאַרבעט אין שטאָט. זיי האָבן מיט דינאַמיט אויפֿגעריסן די 4 בריקלעך פֿון די פֿאָרשטעט, געלאָזט אין דער לופֿט אַלע פּאָליציייאישע און מיליטערישע בנינים, בכלל פֿאַרברענט אָדער צעשטערט אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט דייטשן. די לאַגער־יידן האָבן זיך זייער געפֿרייט מיט די פּאַרטיזאַנער און די גאַנצע נאַכט זיי אַרומגעגאַנגען ווייזן, ווו עס געפֿינען זיך די אינסטיטוציעס פֿון די שונאים. אין קרימינאַל האָבן זיי אויפֿגעריסן אַלע צעלן און אַרויסגעלאָזן די אַרעסטאַנטן. פֿון אוקראַינישן קאָאָפּעראַטיוו־פֿאַרבאַנד האָבן זיי צוגענומען אַלע סחורות און פּראָדוקטן. אין דער זעלבער צייט זיינען אַלע ניט־יידן געלעגן באַהאַלטן.

ווען די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך גענומען קלייבן אין וועג אַריין, האָבן זיך כמעט אַלע יידן געוואָנדט צו זיי, אַז זיי ווילן מיטגיין. מען האָט זיי אָבער ניט גע־וואָלט מיטנעמען, ווייל זיי דאַרפן האָבן סאָלדאַטן געזונטע מענטשן, האָבן זיי דער־קלערט, און ניט קיין צעבראָכענע לאַגער־יידן, וואָס שלעפּן קוים די פיס. דאָך זיינען דעם צווייטן טאָג, ווען די סאָוועטן האָבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל, נאָכגעלאָפן אַן ערך 30 געזינטערע לאַגער־יידן, וואָס האָבן פאַר קיין פאַל ניט געוואָלט בלייבן דאָ, וו עס דערוואַרט זיי דער אומפאַרמיידלעכער טויט. די סאָלדאַטן האָבן זיי געטריבן מיט שטעקנס, אָבער זיי זיינען נאָכגעלאָפן. נאָך פיל מאַטערנישן און אָנשטרענגונ־גען האָבן זיי אין אַ פּאָר טעג שפּעטער באַקומען געווער און מען האָט זיי פאַר־רעכנט צווישן די פּאַרטיזאַנישע קעמפערס.

דער גרעסטער טייל פון אָט די סקאַלאַטער יונגעליים זיינען אומגעקומען אין דער גרויסער שלאַכט וואָס איז פאָרגעקומען אין די קאַרפּאַטן. די צוריקגעקומענע פון יענעם קאַמף זיינען: מיכל גלאַניץ, נאַדזיאַ ווייזאַפּט, בוזיאַ אייזנשטאַרק, מאָ־טעק בריק, הינדע קאַרנווייץ און בוציע עלפּענביין. די אַלע זיינען שפּעטער אַריינ־געטראָטן אין דער פּוילישער אַרמיי, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט אין רוסלאַנד, און האָבן אָנטייל גענומען אין ווייטערדיקע שלאַכטן מיט די דייטשן. פון די יידישע העלדן זיינען געפאַלן אין קאַמף: שלום שעכטער, יעקב העכט, משה אַקסעלראָד, יהושוע קאַץ מיט זיין 12 יאָריקן זון, ד״ר הדסה מענדעלעוויטש (פון וואַרשע), ישראל בריק, אַברהם ראָזענצווייג, קופּערשמידט (אַ זון פון ישראל) און נאָך פיל אַנדערע, וואָס האָבן געבראַכט כבוד דעם יידישן פאָלק.

ערע זייער אָנדענק!

---

גבית־עדות פון דעם געוועזענעם סקאַלאַטער פּאַרטיזאַן בוציאָ עלפּענביין:

אין די לעצטע חדשים פון סקאַלאַטער לאַגער האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַני־זירן אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וואָס צו איר האָבן אויך איך און מיין ברודער אָנ־געהערט. אונדזער אַלעמענס עיקר ציל איז געווען — דערגרייכן געווער, און אין פאַל פון אַן אַקציע אַרויסטרעטן קעגן שונא. קורצע פאַרזאַמלונגען פלעגן פאָר־קומען אין לאַגער־הויף צווישן די מעבל, וואָס דער פּלאַץ איז געווען מיט זיי אָנ־געשטעלט (דאָס מעבל האָט געשטאַמט פון געטאָ). דאָס געווער האָט געזאָלט גע־

שאפן ווערן פאר געלט, און דאָס געלט האָבן מיר געפאָדערט פון אַלעמען, און קודם כל פון אונדזער רייכע „לאגער-קאמעראדן" צימער, לעמפערט, נירלער א"א. אָבער אָן רעזולטאט. די הערן האָבן אונדז אָפּגעזאָגט. און דאָ האָבן זיך פּלוצלונג באוויזן די פּארטיזאנער פון גענעראל קאָלפּאק!.. דער ענטוזיאזם דאן פון דעם הייפל לאגער-יידן, פארמישפּטע צום טויט! היינט אונדזער פרייד ווי מיר האָבן געזען די דייטשן און אוקראינער ביי זייער בהלהדיקן אנטלויפן! אָבער גלייך באלד האָבן מיר איבערגעלעבט א בימערע אנטוישונג: מיר האָבן דערזען, אז דאָס איז נאָך ניט באפרייאונג; די פארטיזאנער ציען זיך צוריק... די אָנפירערשאפט פון דער פארטיזאנער-אָפּטיילונג, וואָס איך און מיכל גלאנץ האָבן מיט איר אָנגעבונדן א קאָנטאקט, האָט צוליב ריין מילימערישע סיבות ניט געוואָלט הערן וועגן צונעמען עטלעכע הונדערט מענטשן, צווישן זיי פרויען און קינדער. זיי האָבן מיטגענומען נאָר 30 פּערזאָן, צווישן זיי 4 פרויען. איך און מיכל זיינען געווען צוזאמען אין דער דריטער קאָמפּאניע פון דריטן באטאליאָן. די אנדערע יידן זיינען געוואָרן צונע-טיילט צו אנדערע באטאליאָנען, וואָס זיינען געווען 4.

פון דער צייט האָט זיך ביי מיר באזונדער איינגעקריצט אין זיכרון די ערשטע פייער-פּראָבע, וואָס איך בין דורך שוין אויפן צווייטן טאָג נאָכן פארלאָזן סקאלאט. דאָס איז געווען אין געגנט פון קרעמעניצילאָוו. אונדזער 3-טע קאָמפּא-ניע האָט באקומען די אויפגאבע צו האלטן אונטער א פייער די דייטשן, וואָס נאָך זייער גרויסער מפּלה אין סקאלאט האָבן זיי לעבן שאָסיי קאָנצענטרירט גאנץ שטארקע כוחות. מיר האָבן זיך געצויגן לענג-אויס פון פארטיזאנער-לאגער צום דער-פילן אונדזערע פליכטן. איך בין געגאנגען מיט א באזונדער שטאָלץ: צום ערשטן מאָל אין לעבן שטיי איך אין אן אמתן קאמף, און איך וועל ענדלעך קענען נעמען נקמה פארן טויט פון מיין מוטער און פאר אלע אונדזערע ליידנס! מיינע הברים און באקאנטע פון סקאלאט האָבן ביים געזעגענען זיך מיט מיר געקענט נאָך מערקן אויף מיין געזיכט פרייד און קאמפס-לוסטיקייט! פון עפּעס אנדערש האָב איך דע-מאָלט אפילו ניט געקענט טראכטן.

דער קאמף האָט זיך געענדיקט מיט א גרויסער מפּלה פון די דייטשן, און אונדזערע פארטיזאנער האָבן געהאט כמעט אן אָפּגעס וועג אזש ביז צום דניעסטר. אויפן וועג האָבן מיר נאָך דורכגעמאכט עטלעכע צוזאמענשטויסן. צוויש; דניעסטר און די קארפּאטן האָבן מיר געהאט שווערע קאמפן. די דייטשן האָבן גע-

וואָרפֿן קענן אונדז טאנקעס און יעדן טאָג באָמבארדירט אונדז פֿון אעראָפּלאנען. פֿון הונגער און מאטערניש בין איך געווען אויסגעשעפּט ביז טויט. און דאָ ווער איך פֿארווונדעט אין האנט, אין דופק, און ווער נאָך מער אָפּגעשוואכט פֿון בלוט־אָנ־ווער. איך פֿארליר אָבער ניט די האָפֿענונג און דערקריך ביז די העכסטע שפּיצן פֿון די קארפּאטן.

און נאָך א קאפּיטל פֿון יענער צייט לאָזט זיך מיר ניט פֿארגעסן. — אונ־דזער אָפּטיילונג געפֿינט זיך אין בערגיקן ראיאן צווישן דעליאטין און מיקולישין. מיר זיצן אויפֿן פֿעלד פֿארטיפֿט אינעם ראדיאָ־קאָמוניקאט, געלייענט דורכן פֿאר־טרעטער פֿונעם קאָמפּאניע־אָנפֿירער. מיר הערן די ידיעה וועגן מוסאָלינים באַזיי־טיקונג (איך געדענק ניט די דאטע; איך האָב דאן פֿארלאָרן אפילו די רעכענונג פֿון דער צייט). אן אויסערגעוויינלעכע פֿרייד! מיר מיינען אלע — נו, שוין אויס מילחמה! איך זוך מיכל גלאנצן, איך וויל אים איבערגעבן די איבערראשנדיקע ידיעה, אָבער איך קען אים ניט געפֿינען. מען רופֿט מיך אין דעם שטאב פֿון דער קאָמפּאניע. איך האָב נאכטדינסט. מיין פּאָסטן איז א מייל פֿונעם בערגיקן וואלד־וועג. די נאכט איז א שיינע, א ליכטיקע, א לבנה־נאכט. איך קום צום אָרט, ווו עס שטייט א סלופּ, וואָס איז אמאָל געווען א וועגווייזער. ביים ליכט פֿון דער לבנה דערזע איך אויפֿן סלופּ אויסגעקריצטע אויף העברעאיש א ריי פֿאמיליעס און נעמען פֿון חלוצים פֿון לאָדז, ווארשע, לעמבערג א״א. אין 1938 זיינען זיי דאָ גע־ווען אויף הכשרה. אונטער איינער א פֿאמיליע מיט א דאטע איז אויסגעקריצט: „לשנה הבאה בירושלים". איך טו א טראכט: האָבן זיך זייערע חלומות פֿארווירק־לעכט? לעבט ווער פֿון זיי? . .

פֿון אונדזערע סקאלאטער 30 פֿארטיזאנער זיינען געבליבן לעבן נאָר 6. די אנדערע זיינען אומגעקומען אין די קאמפֿן, ווי אויך פֿון די באָמבארדירונגען. הינדע קאָרנווייץ איז געווען שווער פֿארווונדעט אין פֿוס.

## לעצטער אקט פון טראגעדיע

נאָך דעם פארטיזאנער־באזוך איז סקאלאט נאָך געבליבן הפקר דריי טעג. די יידן האָבן זיך. פארשטייט זיך, געריכט אויף שארפע רעפרעסיעס. ווען די דייטשן האָבן זיך צוריקגעקערט, האָט מאקע די ניט־יידישע באפעלקערונג באלד געגומען אינפאָרמירן די דייטשן וועגן דעם פיר פון די יידן און אז א סך פון זיי זיינען אוועק מיט די פארטיזאנער. די דייטשן האָבן אָבער, אויף זייער שטייגער, לכתחילה דער־פון ניט געמאכט קיין געברויך. זייער כוונה איז דאָ געווען ניט אָפּצושרעקן די לאגער־יידן, נאָר זיי האלטן קאָנצענטרירט אין דער האנט. מיט אזעלכע ראפינירטע מעטאָדן איז זיי שטענדיק געלונגען צו פארנארן דעם עולם, כדי דערנאָך צו קענען שיקן זיי צום טויט. און באמת, האָבן פיל אויסבאהאלטענע יידן זיך גענומען ווידער צוריקקערן אין לאגער, זיך דערוויסנדיק אז דאָרט איז רואיק. צוזאמען זיינען איצט געווען אין לאגער ביי 150 מענטשן, וואָס האָבן ווייטער געארבעט ביים שטיינבראָך הינטער סקאלאט.

דאָס שטעטל האָט זיך שוין אָפּיציעל גערעכנט פאר „יודענריין". אין דער צייט האָבן אָבער פאסירט פיל פאלן, ווען פויערים האָבן די יידן, וואָס האָבן זיך באהאלטן ביי זיי, אליין דערהרגעט אָדער איבערגעגעבן אין די הענט פון דער פאָ־ליציי. צווישן אנדערע האָבן דאן געפונען זייער טויט: שלמה קליינער און בערל פיקהאָלץ. מען האָט זיי געבונדן מיט שטעכדראָטן און זיי צעשטאָכן מיט מעסערס. ווען מען פלעגט אין לאגער אריין ברענגען צו פירן אלטע קליידער, האָט מען גלייך געוווסט וויפל יידן זיינען דערמאָרדעט געוואָרן. מען האָט אפילו אויך דערקענט צו וועמען פון די געוועזענע פריינד און קרובים די מלבושים האָבן אָנ־געהערט.

אין דעם פארקלענערטן לאגער זיינען איצט שוין מער ניט פאָרגעקומען קיין אָרניעס און באזונדערע גרויזאמקייטן מצד דער לאגער־פארוואלטונג. מיט טרויעריקן ערנסט און גרויסע זאָרג האָבן זיך די מענטשן באצויגן צום ניי געשא־

פענעם מצב. מען האָט איצט געלעבט אין שטענדיקער פּאַניק און שרעק. מען האָט געוווּסט אַז מען איז פאַרלוירן און מען האָט מורא געהאַט פאַרן אייגענעם שאָטן. — אָבער דאָך האָבן זיך מענטשן צוגעוווינט צו דעם שטייגער לעבן. מען האָט דורכגעמאַכט די העכסטע שפּאַנונגען און אַלערליי נערוון־דערשיטערונגען מיט ספּעציעלער זעלבספאַרשטענדלעכקייט. דערפאַר איז אַ מען אַ ייד. דאָס לעבן פון אַ ייד הענגט דאָך אויף אַ האָר, און יעדן מאָמענט קען פאַלן דעם תליונס האַק. דאָס מענטשלעכע האַרץ האָט שוין נאָרמאַל ניט געאַרבעט. עס איז שוין געווען ווי אַן אָפּגעריסענער קערפּער־טייל. תמיד האָט עס געפּאָכעט און געשוועבט אין דער לופטן. דער געדאַנקלעכער שווונג פאַר לאָגיק און שכל הישר איז געלעגן אין אַ טיפן לעטאַרגיע־שלאָף. ביי פיל האָט זיך אויך דער מוח געפונען אין אַ צושטאַנד פון גסיסה און האָט מיט זיך ניט פאָרגעשטעלט דעם אינסטינקטיוון דראַנג און לעבנסווילן אפילו פון אַ פליג. האָט מען זיך שוין אַמאָל עפּעס טיפער אַריינגעקלערט אין ווייטערדיקן תכלית, האָט דער מענטש זיך דאָ געשטעלט אין אַ דועל־קאַמף מיט עפּעס מיסטישע אָדער מעטאַפיזישע כוחות, וואָס ניט זיין קראַנקע פאַנטאַזיע האָט זיי דאָ געקענט בייקומען. — דאַרטן אין די מאַסן־קברים הינטערן שטעטל ליגן באַגראָבן זיינע עלטערן, זיינע קינדער, זיינע נאָענטסטע און פריינד. מיט וואָס איז ער עס בעסער פון זיי? אין פאַל ווען ער ראַטעוועט זיך אפילו, כאָטש ס'איז שווער אין דעם צו גלייבן, ווייל ניסים געשעען ניט, — ווי וועט דערנאָך אויסזען זיין לעבן? די מענטשן זיינען חיות, אַלץ איז חרוב, — דאָס לעבן איז אַ טרערן־טאָל, די וועלט טרינקט זיך אין פייער און בלוט, וואָסער גוטס קען ער שוין פון עמעצן דערוואַרטן? גאָט, עולם הבא און טויט — דאָס זיינען אייביקייטן. אפשר איז טאַקע מסירת־נפש און מות קדושים די העכסטע דערגרייכונג, און פאַרוואָס טאַקע זיך אויסשליסן פון דעם כלל? — מיט מיסטיק און מעטאַפיזישער פילאָזאָפיע איז ניט איין מאָל באַשעפטיקט דער קראַנקער מוח, און דער אייביקער עקבער פון דעם טויט־געדאַנק האָט פלוצלונג איבער דעם אַזוי שיינעם געוועבטן חלום און רופט און וועקט צו פּראָזאַישע חיי־שעה. באַלד דערפילט ער אַ טיפן ווייטאָג, אַן אינער־לעכן בלוטיקן ריס, עס וויל דאָס האַרץ אַרויסשפּרינגען פון דעם לייב און זיך וואַרפן פאַר די אייגענע פיס אַ צעבלוטיקטס און אַ צאַפּלדיקס... דאָס דויערט ניט לאַנג, און ווידער איז מען אויסגעניכטערט, און דער גוף מאָנט זיינע רעכט, דער מאָגן מאָנט עסן... דער פּחד שפּרינגט אָן און ווירקט מיט צעשטערערישער

קראפט, אויך דער אומגעדולד ערב דער גורלדיקער אנטשיידונג דערבערענגט דעם נערוון־סיסטעם ביז משוגעת.

מען האָט שווער געארבעט. די קאָשמארנע טעג האָבן זיך געצויגן ווי אייבי־קייטן, און די געכט זייגען דורכגעגאנגען אין שרעק און שלאָפלאָזיקייט.

עס האָט נאָך דערוויל זיך גערופן לאגער, אָבער יעדער האָט געוווסט, אז דאָס איז א לייבן־גרוב, א מויזן־פאנגער צום אומפארמיידלעכן טויט.

די „שופּאָ" האָט מיטן לאגער אָנגעהאלטן א סטאבילן קאָנטאקט. און זעענ־דיק די כראָגישע אומרואיקייט צווישן די העפטלינגען, פלעגן אייניקע זיך געבן די מי צו בארואיקן און טרייסטן. ארויסווייזנדיק דערביי כלומרשט פארשטענדעניש און מיטגעפיל צום יידישן ביטערן גורל. איינמאָל אין א פארנאכט פון ענדע יולי 1943 איז געקומען דער קאָמענדאנט פון דער „שופּאָ" שניידער אין א זייער גוטן הומאָר; ער האָט זיך אויסגעפרעגט, זיך אינטערעסירט מיט אלע קלייניקייטן אין לאגער און גערעדט אזוי פריינדלעך און ברידערלעך מיט די יידן. עס האָט זיך באמת געקענט דאכטן, אז דאָ קומט אָן א שינוי צום גוטן. שניידער האָט א ביסל אויפגעמונטערט דעם עולם, ער האָט דערציילט לוסטיקע געשיכטעס צום לאכן, און יידן האָבן געפּרוווט פארגעסן אויף א רגע אָן דער טרויעריקייט. זעענדיק ביי שניי־דערן אזא אָפנהערציקייט און גוטע שטימונג, האָבן די יידן זיך דערלויבט אים צו פרעגן וועגן פארשיידענע זאכן, אָבער דער עיקר וועגן דעם וואָס האָט צום מיינסטן געדריקט, ווי אזוי זיינען די אויסזיכטן פארן סקאלאטער לאגער און וואָס וועט זיין מיט דעם גאָר קליינעם רעשטל יידן, וואָס לעבן אין כסדרדיקער שרעק. שניידער האָט מיט פארוווּנדערונג אָנגעקוקט די יידן, וואָס זיי זיינען אזוי צעשראָקן. „עס וועט אייך קיין זאך ניט געשען!" — האָט ער אויסגערופן. פאר גרוים התפעלות האָט אים פרעזעס נירלער געגעבן א מתנה זיין גאָלדענע פילפעדער, און שניידער האָט אים באזונדערש געגעבן דאָס הייליקסטע ערנוואָרט, אז יידן מעגן זיין רואיק; ער גאראנטירט אז א פּאָר חדשים וועט זיכער קיין אקציעס אין סקאלאטער לאגער ניט פארקומען. זיי מוזן נאָר געטריי ארבעטן, די יידן, און דער עיקר, זיך האלטן ריין. נאָך אזעלכע הבטחות זיינען די לאגער־יידן מיט א געוויסער בארואיקונג גע־גאנגען שלאָפן.

ארום 11 א זייגער אין דער נאכט, ווען דער גאנצער לאגער איז געווען איינ־געוויקלט אין טיפן שלאָף, איז מען פלוצלונג אויפגעציטערט געוואָרן. די נאכט־

דערזשורן האָבן צו וויסן געגעבן, אז עמעצער דערנענטערט זיך אהער. זינט א לענ־גערער צייט זיינען כמעט אלע לאגער־יידן געשלאָפן אָנגעטאָן צוליב דער שטענ־דיקער מורא, און אין איין מינוט איז דער גאנצער לאגער איצט געשטאנען דער־שראָקן אויף די פיס און געווארט וואָס דאָ וועט זיין.

פלוצלונג האָט זיך ביים אריינגאנג באוויזן א פארסאָפּעטער דער שופּאָ־פּאָליציסט מאראָלד. ער האָט אין געאייל א זאָג געטאָן: „שנעל לויפן, עס קומט א געפאר!" — און איז באלד פארשוואונדן. דער דייטש מאראָלד האָט אפנים גע־האט פערזענלעכע השבונות מיט די ס"ס און עס איז אים געגאנגען אין לעבן, אז זייערע מערדערישע אונטערנעמונגען זאָלן ניט געראָטן. אויך איז ער געווען, ווי פריער געזאָגט, פון די יידן אונטערגעקויפט, און האָט פארשפּראָכן אין פאל פון א סכנה תיכף צו מודיע זיין.

אין פּאנישער איילעניש האָט מען אָנגעהויבן צו לויפן, ניט ווויסנדיק אליין וווהין. באלד איז דער גרעסטער טייל פון די לאגער־יידן, צווישן זיי אויך נירלער און רוס, פארשוואונדן געוואָרן ערגעץ אין דער פינצטערניש פון דער נאכט.

אויך דאָסמאָל זיינען אויף אן אָרט געבליבן די אלטע לייט פון דער „שיים־בריגאדע", עטלעכע פרויען און קינדער און נאָך אנדערע לייכטגלויביקע אָדער גלייכגילטיקע שוין צום לעבן — די אלע אין א צאָל פון 60—70 מענטשן.

דעם 28סטן יולי 1943 (כ"ה תמוז תש"ג) פארטאָג איז פון טארנאָפּאָל אָנ־געקומען א גרופּע ס"ס. דאָ האָט אויך ניט געפעלט דער אָבערשטורמפירער רעבעל. מען האָט ארומגערינגלט דעם בנין פון לאגער, דערנאָך ארויסגעשלעפּט אלע יידן אין פעלד ארויס, צו יענע גרויסע מאסן־קברים פון די פריערדיקע שחיטות און דאָרטן ביז איינעם אלע מיט א מאשין־געווער אויסגעשאָסן.

בשעת דער אוקראינישער „בוי־דינסט" האָט באגראָבן די קרבנות, האָבן פּויערים צו זיי צוגעפירט א גרופּע פון 20 יידן, וועלכע זיי האָבן צונויפגעכאפּט אויף די פעלדער. אויך די יידן זיינען באלד אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן און אריינגע־וואָרפן געוואָרן אין זעלבן גרוב.

מען דערציילט, אז בשעת מען האָט געפירט די אומגליקלעכע דורך דער שטאָט, האָבן דאָרף־פּויערים און גאסן־יונגען זיי מוראדיק געשלאָגן. זיי האָבן באשטעקט זיי מיט פעדערן און געשפּיגן זיי אין פּנים אריין. די צוקוקערס פון דער זייט האָבן זיך אמוזירט און הילכיק געלאכט.

דאָס איז געווען דער לעצטער אקט פון דער בלוטיקער דראמע אין דעם סקאלאטער לאגער.

מיט דעם לעצטן מאסן־מאָרד איז אָפּגעשטאָרבן דאָס יידישע לעבן אין סקאלאט. די שטאָט איז געווען באמת „יודענריין".

אין די ארומיקע דערפער האָבן ביי פּויערים זיך נאָך אויסבאהאלטן איינצלנע יידן. זייער לאגע איז אָבער געוואָרן אלץ ערגער פון טאָג, און די צאָל קרבנות פון אָט די יידן איז כסדר געשטיגן. — מאָטיע (מרדכי) פּרנס, איינער פון די אָנשטענדיקסטע מיטגלידער פון געוועזענעם יודענראט, האָט שוין געהאט פאר־לוירן זיין גאנצע מישפּחה. ער האָט זיך באהאלטן אין מאנטשעווע. משמעות האָט אים דער פּויער אָפּגעזאָגט און ער האָט ניט געקאָנט געפינען קיין אָרט זיך צו באַ־האלטן. האָט ער באשלאָסן צו מאכן א סוף צו זיין לעבן. אין אָקטאָבער 1943 האָט ער זיך געמאָלדן אליין צו דער שופּאָ און געבעטן מען זאָל אים שיסן. די הערן האָבן אים „צו ליב" געטאָן. אומגעפער אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויך געמעלדעט אין שופּאָ שמעון חסיד. אויפן וועג צו שופּאָ האָבן אים פּויערים אָפּגע־רעדט דערפון. זיי האָבן אים אפילו געגעבן צו עסן. ער האָט אָבער ניט געהאט קיין ברירה, ווייל ער האָט ניט געקאָנט בלייבן אונטערן פרייען הימל. —

אין די וועלדער ארויין ארום סקאלאט האָבן זיך איצט געריסן די לעצט אנטלאָפענע יידן. זיי האָבן זיך געריסן צום לעבן.

# אין די וועלדער

דעם 30.7.1943 האָט טאַרנאָפּאָלער געשטאַפּאָ אָפיציעל מודיע געווען, אַז דער גאַנצער טאַרנאָפּאָלער קרייז איז ריין פון יידן. היות אָבער עס זיינען נאָך פאַראַן איינצלנע יידן, וואָס באַהאַלטן זיך אין די וועלדער, אָדער ביי אומפאַראַנט־וואָרטלעכע פריוואַטע פּערזאָנען, ווערט געוואָרנט, אַז פאַרן טרעפן אַ באַהאַלטע־נעם יידן ביי אַן אַריער, ווערט דעם אַריערס גאַנצע מישפּחה דערשאָסן און זיין פאַר־מעגן קאָנפיסקירט. אין די אַפישן איז אויך געזאָגט געוואָרן, אַז פאַר יעדן גע־כאַפּטן יידן, וואָס וועט איבערגעגעבן ווערן דער פּאָליציי, טויט צו לעבעדיק, וועט אויסגעצאָלט ווערן אַ פּרעמיע: 1 ליטער בראַנפן, 1 ק״ג צוקער און 300 זלאָטעס מזומן.

כל זמן עס זיינען נאָך געווען תבואות אין די פעלדער האָבן זיך פיל יידן באַהאַלטן צווישן די זאַנגען. מהנות גאַנצע פון געוויסנלאָזע פויערים פלעגן טאָג און נאַכט אומזוכן אין די פעלדער וואַגלענדיקע יידן, זיי צוערשט באַרויבן און דערנאָך זיי דערהרגענען. אין פאַל ווען דער קרבן האָט ניט געהאַט קיין געלט, פלעגן זיי אים גלייך איבערגעבן דער פּאָליציי, אָדער דעם דאָרף־עלטסטן, וועלכע האָבן אויסגע־צאָלט די באַשטימטע פּרעמיעס פאַר יעדן קאָפּ. ניט געווען דער טאָג, עס זאָלן ניט צוגעשטעלט ווערן קיין געכאַפּטע יידן, וועלכע מען פלעגט באַלד אויפן אָרט, אָדער אויפן בית־עולם דערשיסן. עס זיינען געווען אין שטאָט ספּעציאַליסטן יידן־כאַפּערס, וואָס האָבן געהאַט צענדליקער יידישע לעבנס אויף זייער געוויסן. אויך האָט „קרי־פּאָ" אויפן סמך פון מסירות זייער אָפט אַרויסגעשלעפּט פון באַצאָלטע באַהעלטע־נישן ביי קריסטן צענדליקער קרבנות. אין פיל ערטער פלעגט מען אויך גאַנץ אָפט זיך אָנשטויסן אויף קערפּערס, אומטערגעוואָרפענע, כדי צו פאַרווישן דעם חשד, ווער עס האָט דעם קרבן באַרויבט און דערמאָרדעט. עס זיינען נאָך געבליבן אַרום סקאַלאַט אַן ערך 300 יידן, וואָס אין זייער גרעסטן טייל האָבן זיי געפונען אַ מקום מיקלט אין די וועלדער.

דער יישוב אין וואלד דאטירט זיך פון פיל פריער. שוין אין חודש אָקטאָ־
בער 1942 זיינען אהין אוועק די ערשטע יחידים. דאָס איז געווען דער קראָקעווער
שניידער פראשגאנג מיט זיין 4 יאָריקן זון און די פאמיליע וואסערמאן. דורכן ווינ־
טער זיינען צוגעקומען גאנץ ווייניק מענטשן. נאָך דער פאר־פסחדיקער אקציע פון
די „וויינענדיקע קברים" זיינען צוגעקומען 2 צענדליק יידן. נאָך דער „יודענפרייער"
אָדער שבועותדיקער אקציע האָט שוין די צאָל יידן אין וואלד דערגרייכט ביז הונ־
דערט. נאָך דער ליקווידירונג פון די לאגערן פון סקאלאט און ארום סקאלאט האָט
זיך פארגרעסערט דער יישוב אין וואלד ביז 250. די מענטשן האָבן גענומען זיך
צעשפּרייטן אין די ארומיקע וועלדער: אָסטרא־מאָגילע, כמיעליסק, אקנע, מאליניק,
האָרעס, קרענצילאָוו א"א. צוליב דעם כסדרדיקן וואנדערן פון איין אָרט אין אנ־
דערן איז שווער אָנצוגעבן גענויע ציפערן פון די מענטשן אין יעדן וואלד באזונדער.
דאָך איז די אלגעמיינע צאָל א ריכטיקע.

אין אָסטרא־מאָגילער וואלד האָבן געלעבט אן ערך 32 יידן. נאָענט פון דעם
וואלד האָט זיך געפונען א קליין דערפל פון סך הכל א 13 כאטעס. ווען עס פלעגט
נאָר נאכט ווערן, פלעגט עמעצער פון די גוט באקאנטע פויערים געבן א ליכט־סיג־
נאל, א סימן אז קיין דייטשן זיינען ניטאָ, און די יידן פלעגן זיך ארייננכאפּן
אין דאָרף צו באזאָרגן זיך מיט שפייז, און שנעל זיך אומקערן אין וואלד אריין צו
זייערע בונקערס. די דאָרף־באפעלקערונג האָט זיך פריינדלעך באצויגן צו די יידן
און זיי מיטגעהאָלפן מיט אלעם מעגלעכן. ווען עס פלעגן אין דערפל אראָפּקומען
דייטשן אָדער אוקראינישע מיליציאנטן, פלעגן זיי תיכף צו וויסן געבן אין וואלד,
און די יידן פלעגן אוועקוואנדערן אין אן אנדער וואלד. דאָך זיינען דאָרטן פאָרגע־
קומען דריי רויב־מאָרדן, אויסגעפירט פון אומבאקאנטע פארברעכערס. פון אָסטרא־
מאָגילע זיינען געבליבן לעבן 29 יידן.

אין כמיעליסקער וואלד האָבן געלעבט 52 יידן. ביי פארשיידענע אָבלאוועס
זיינען דאָרט געפאלן 42 יידן און 4 זיינען געשטאָרבן פון הונגער און קעלט. סך
הכל 6 מענטשן זיינען פון דאָרט ארויס לעבעדיק.

אין מאליניקער וואלד זיינען פון 40 מענטשן געבליבןביים לעבן 11.
24 זיינען דערמאָרדעט געוואָרן ביי אָבלאוועס, 5 זיינען געשטאָרבן פון הונגער און
קעלט.

אין וואלד האָרעס איז געווען דער גרעסטער יידישער יישוב. פון 78 האָבן

זיך אָפּגעראַטעוועט 50 מענטשן. פון הונגער און קעלט זיינען געשטאָרבן 9 מענטשן, פון דייטשער מערדער־האַנט 19 מענטשן.

אין קרענציל־אָווער וואַלד האָבן געלעבט 14 מענטשן. ביי אַן איבערפאַל פון „בולבאָוועצעס“ (אַנגעהעריקע פון אַן אוקראַינער־באַנדע) זיינען אומגעקומען 3 יידן, צווישן זיי אויך צימער, דער געוועזענער מיטגליד פון יודענראַט אין סקאַלאַט.

אין „אָקנער“ וואַלד האָבן זיך מיינסטנס אויפגעהאַלטן די באַרימטע „פּאַר־טיזאַנער“ פון הערשקעס באַנדע, וואָס וועגן איר נייט די באַשרייבונג אין ווייטער־דיקן קאַפּיטל. פון הערשקעס מענטשן זיינען צוויי געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט און דריי זיינען געפאַלן פון באַנדעראָוועצעס (אויך אַנגעהעריקע פון אַן אוק־ראַינער־באַנדע). 33 זיינען געבליבן ביים לעבן.

---

דאָ גיבן מיר איבער אַ באַשרייבונג פון אינזשענער קאָפּלער וועגן זיין לעבן אין וואַלד פון 3.6.1943 ביז 23.3.1944:

„דעם 2.6.1943 אין דער נאַכט זיינען מיר אַ גרופּע פון 5 מענטשן אַנט־לאָפן פון סקאַלאַט. אחוץ מיר זיינען עס געווען: מיין פרוי, העניעק וויינבערג, דוד לאַנדעסמאַן און זיין שוועסטער. מיר זיינען פאַרנאַנגען צום אַזוי גערופענעם וואַלד „האָרעס“, ניט ווייט פון דער קאָלאָניע פון די „קרופּעס“. דאָרטן זיינען מיר געווען ביז סוף חודש יולי. שפּעטער האָבן מיר זיך געקויפט אין דער אויבנדערמאָנטער קאָ־לאָניע. כל זמן עס האָט נאָך עקסיסטירט דער סקאַלאַטער לאַגער פלעגן מיר פון צייט צו צייט גיין אין די נעכט אין שטאָט אריין, צום לאַגער, וו מיר פלעגן בלייבן אַ גאַנצן טאָג, דערלייזדיקן דאָרט פאַרשיידענע זאַכן, זיך אויך איינקויפן שפּייז, און ביינאַכט פלעגן מיר צוריקגיין אין וואַלד אריין. אין אָנהייב האָבן מיר געוווינט אונטערן פרייען הימל, פון זיכערקייטס וועגן האָבן מיר ניט געוואָלט גראָבן קיין באַהעלטענישן, דערצו האָבן מיר כמעט יעדע פּאָר טעג געמוזט בייטן דאָס אָרט. דאָס אָפטע גיין אויף דעם זעלבן אָרט פלעגט מאַכן אויסגעטראָטן דאָס גראָז, וואָס האָט געוויזן די דורכגייענדיקע פּויערים די שפּורן וו מיר געפינען זיך. מיר האָבן דערפאַר זייער מורא געהאַט. אחוץ אונדז האָבן זיך דעמאָלט אין דעם וואַלד גע־פונען אַן ערך 15 אַנדערע יידן. נאָכן ליקווידירן דאָס געטאָ און נאָך דער ערשטער לאַגער־אַקציע זיינען צוגעקומען מער מענטשן. נאָכן דורכגיין פון דער סאָוועטישער

פּארטיזאנקע, אָנהייב יולי 1943, האָט די סקאַלאַטער שופּאָ ביי דער מיטהילף פון 500 פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, אָרגאַניזירט אַבלאַוועס איבער די וועלדער. זיי האָבן אויך געוואָלט ביי דער געלעגנהייט געפינען די טויטע קערפּערס פון די דייטשן, וואָס זיינען געפאַלן אין די לעצטע קאַמפּן מיט די פּאַרטיזאַנער. ביי די אָפּעראַציעס האָבן זיי געכאַפּט דריי יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער. א דאַנק דער אינטערווענץ פון קאָמענדאַנט פישבאַכער האָט מען די געכאַפּטע דריי יידן ניט דערהרגעט, נאָר זיי איבערגעגעבן אין לאַגער סקאַלאַט, וואָס האָט נאָך דאַן עקסיסטירט. געוועזן זיינען דאָס 2 אַנטלאָפענע פון קאַמיאָנקער לאַגער און בלומענשטיין פון סקאַלאַט. פון אונדזער גרופּע איז גליקלעכערווייז קיינער ניט אַריינגעפאַלן, ווייל מיר האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין א גאָר אַנדערן טייל פון וואַלד, וווּ מען האָט ניט געזוכט.

נאָך דער צווייטער לאַגער-אַקציע אין סקאַלאַט (28.7.1943), ווען דער וואַלד האָט זיך באַפעלקערט מיט א סך נייע ערשט אַנטלאָפענע פון לאַגער, זיינען מיר געווען געצוווּנגען צו זוכן אַנדערע ערטער זיך צו באַהאַלטן. מיר האָבן דאָס געמוזט טאָן, ווייל צוליב דעם צושטראָם פון פרישע מענטשן איז אין דער גאַנצער געגנט באַקאַנט געוואָרן, אַז אין דעם וואַלד געפינען זיך א סך יידן, און דאָס האָט געקאָנט ברענגען צו א פרישע אַבלאַווע. דערצו איז די סיטואַציע פאַר דערנערונג געוואָרן קריטישער, ווייל די דערבייאיקע קאָלאָניע איז באַשטאַנען אין גאַנצן פון פיר גאָספּאָדאַרעס און האָט ניט געקענט דערנערן אן עולם פון א פּאָר צענדליק מענטשן. לויט אָנווייזונגען פון א באַקאַנטן פּויער ווישקאָווסקי האָבן מיר זיך איבערגעטראָגן אין אַנדערן וואַלד, אין דעם אַזוי גערופענעם אָסטאַפּיער וואַלד, וואָס ליגט לעבן דעם קליינעם דערפעלע אָסטראַ-מאָגילע. אונדזער גרופּע האָט זיך געהאַט דעמאָלט פאַרגרעסערט ביז 11 מאַן. דאָרט האָבן מיר אָנגעטראָפן אין פאַרשיידענע טיילן פון דעם וואַלד 2 גרעסערע גרופּעס יידן. איינע איז געווען די אַזוי גערופענע הערשקעס גרופּע פון גזשימאַלאָוו, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע און צוואַנציק מענטשן און האָט זיך שוין געהאַט אויפגעהאַלטן אין די וועלדער מערערע חדשים. די צווייטע גרופּע, די אַזוי גערופענע גרופּע פון עלפּענביין, האָט זיך ערשט געפונען אין וואַלד איין טאָג. דאָס זיינען געווען יידן, וועלכע זיינען אַנטלאָפן ערב דער ליקווידאַציע פון דעם סקאַלאַטער לאַגער. אין דער ערשטער צייט האָט זיך אין דעם וואַלד ניט שלעכט געלעבט. נאָך די טרויעריקע איבערלעבונגען

טארנאפאל
הלובאטשעק
פאדוואלאטשיסק
באגדאנאווקע
זברוטש
סמיקאווצע
יאמאנאווע – סיאלע
קאמיאנקע
קאטשאנאווקע
כמיעליסק
האליטשינצע
איוואנאווקע
זבערעבקע
כאדאטשקאוו
פאלופאנאווקע
סט סקאלאט
סקאלאטער וואלד
קאלאדזשעיעווקע
נאוואסיאלקע
האראדניצע
אסטאפיעצקער וואלד
סקאלאט
קזשיווע
טרעמבאוולע
זאראבינצע
אסטרע מאגילע
אסטאפיע
גזשימאלאוו
אקנע
כאראסטקאוו
קאפיטשינצע
טשארטקאוו

סכעמע פון סקאלאט און אומגעגנט

אין שטאָט האָבן מיר דאָ פרייער אָפּגעאָטעמט. מיר פלעגן אין דאָרף זיך איינקויפן שפייז, און מחמת דער וואלד איז געווען ווייניק באַזוכט, האָבן פון אונדז נאָר ווייניק געוווּסט און מיר האָבן זיך דאָרט געפילט זיכער. אין אַ חודש אַרום האָבן דורכן וואלד גענומען דורכגיין די צעקלאַפּטע רעשטלעך פון אַ סאָוועטישער פּאַר־טיזאַנער גרופּע פון די קאַרפּאַטן, וואָס האָבן זיך איצט געריסן נעגטער צום סאָוועטישן פראָנט. זיי פלעגן זיך אין אונדזערע וועלדער יעדעסמאָל פאַרהאַלטן עטלעכע טעג, כדי זיך אָפּצורוען. מיר האָבן זיך מיט אַזאַ גרופּע פון 5 מאַן באַגעגנט. כדי צו באַקומען פּראָוויאַנט האָבן זיך די מענטשן פון אונדזער גרופּע אָנגעשלאָסן צו זיי, און צוזאַמען מיט הערשקעס גרופּע אונטערגענומען אַן איבערפאַל אויפן פּאָל־וואַרק טוראָווקע. די מענטשן פון אונדזער גרופּע האָבן פון דאָרט געבראַכט פיל פּראָוויאַנט. מיר האָבן אויך געבראַכט אַפילו אַ לעבעדיקע קו, וואָס מיר האָבן אין וואַלד געקוילעט. 2 טעג נאָכאַנאַנד האָבן מיר געהאַט וואָס צו עסן. נאָכן אָנפאַל אויפן פּאָלוואַרק האָבן דייטשן געמאַכט אַן אָבלאַווע אויף פּאַרטיזאַנער און יידן. אַ פּויער האָט אָנגעוויזן ווו מיר געפינען זיך. מיר זיינען זיך אַלע צעלאָפן. דאָך האָבן זיי איינעם פון אונדזערע חברים, דאָלקאָ טענענבוים, געכאַפּט. נאָך דער אָב־לאַווע האָבן אונדז די פּאַרטיזאַנער פאַרלאָזן און מיר האָבן זיך איבערגעטראָגן אין דעם שכנותדיקן וואַלד לעבן דעם דאָרף אָקנע. דאָרטן זיינען מיר אין שכנות פון הערשקעס גרופּע אָפּגעווען מער ווי אַ חודש. אין איינעם אַ טאָג פון סעפּטעמבער 1943 האָבן די דייטשן געמאַכט ווידער אַן אַבלאַווע אויף דעם זעלבן וואַלד. עס זיי־נען אין זייערע הענט אַריינגעפאַלן קרבנות. מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז די טאַטן פון הערשקען רופן אַרויס אַ צאָרן ביי די דאָרף־פּויערים פון דער אומגעגנט. האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין וואַלד פון אָסטראַ־מאָגילע. אָנהייב נאָוועמבער האָבן מיר זיך אויסגעגראָבן בונקערס אין טיפן וואַלד. באַלד האָבן מיר אָבער דורכגעלעבט פּאַניק און שרעק. אין מיטן נאָוועמבער האָבן פּויערים אויסגעפירט אַ רויב־מאָרד אויף אונדזער חבר בלאַנק. מיר האָבן אים מקבר געווען אין וואַלד און זיין פּאַטער האָט אָפּגעזאָגט קדיש נאָך אים. אַ חודש שפּעטער איז אויף דעם זעלבן אופן דערמאָרדעט געוואָרן ראָזענצווייג (אַ זון פון זלמן לייב). אין דעצעמבער האָבן מיר איבערגעוואַנדערט אין וואַלד מאַליגיק, ווייל עס האָט זיך אונדז אויסגעדאַכט, אַז דאָרט איז קלענער די סכנה. מיר זייגען דאָרט געווען ביזן ערשטן יאַנואַר 1944. ווען עס האָט זיך צו אונדז דערנענטערט דאָס דייטשע צוריקציען

פון פראַנט האָבן מיר זיך ווידער אומגעקערט אין וואלד אָסטרא־מאַגילע. דאָרט זיינען מיר טאקע געווען ביז צו דער באפרייאונג, דעם 23סטן מערץ 1944. —"

א צווייטער סקאלאטער ייד, יעקב פערלמוטער, גיט איבער וועגן זיינע איבערלעבונגען אין וואלד:

„אין דער טראגישער נאכט ערב דער קאָמפּלעטער ליקווידאציע פון דעם סקאלאטער לאגער זיינען מיר געזעסן א גרופּע פון פיר מענטשן: מרדכי נתן גינז־בערג, גריץ, מענוס ראָטשטיין און איך און געווארט אויף ידיעות וועגן ווייטערדיקן גורל פון דעם לאגער. ארום האלב 11 ביינאכט האָבן מיר באקומען ידיעות פון דער יידישער מיליץ, ווי אויך פון דעם שופּאָ־קאָמענדאנט שניידער, אז די נאכט וועט זיין רואיק. מיר זיינען אלע געגאנגען שלאָפן. מיין פערצן יאָריקער זון האָט זיך אויסגעטאָן. איך בין אָבער געשלאָפן אין די זאכן מורא האָבנדיק פאר ניט דער־ווארטעטע געשעענישן. ארום 1 א זייגער ביינאכט האָט מיך אן אומבאשרייבלעכע שרעק אויפגעריסן פון דעם שלאָף. וואָס איז געשען? קיינער פון מיינע שכנים גע־פינט זיך ניט אויף זיין געלעגער. באלד האָב איך באמערקט דורך דער גלאָזטיר, ווי א פּאָר לאגער־יידן דרייען זיך ארום מיט א ליכט אין די הענט. איך האָב אויף זיי דערקענט דענערווירטקייט און פּחד. זיי האָבן מיך באלד אינפאָרמירט, אז קיי־נער פון דער מיליץ און פון די אָנפירערס געפינט זיך ניט אין לאגער. איך האָב מיין קינד גיך אויפגעוועקט, געהאָלפן אים אָנטאָן, און אראָפּקומענדיק אין הויף האָב איך אָנגעטראָפן פיל יידן פארצווייפלטע, ניט ווייסנדיק וואָס מען האָט צו טאָן. אין דער פּאנישער שרעק האָבן א טייל באשלאָסן צו גיין אין שטאָט אריין, כדי זיך ערגעץ אין די חורבות צו באהאלטן, אָדער גאָר אונטער דער באָד. א טייל האָבן געקלערט צו לויפן אין די פעלדער. די מענטשן זיינען זיך גרופּעסווייז צעלאָפן. צו־ליב מיין קראנקן פוס האָט מיך קיינער מיט זיין גרופּע ניט געוואָלט מיטנעמען. איך האָב מיך מיט מיין זון ארומגעדרייט אין לאגער־הויף ביז ארום האלב פיר. מיר האָבן זיך דאָך געלאָזט אויף גאָטס באראָט. ארויסגייענדיק פון דעם לאגער אין גאס אריין האָבן מיר גלייך אקעגנאיבער בנימין בריקס הייזל זיך אָנגעטראָפן פּנים אל פּנים מיט א דייטש, וועלכער האָט געטראָגן א ביקס אויף די פּלייצעס און א העלם אויפן קאָפּ. עס איז געווען ווירקלעך ווי א נס! אין מיין גרויסער שרעק און הארצ־קלאַפּעניש האָב איך עפּעס דערפילט ווי א העכערע קראפט האָט מיך א שלעפּ גע־

טאָן און מיך אויסגעקערעוועט צוריק צום לאגער. ביי די דראָטן פון דעם לאגער־הויף זיינען פלוצלונג אויסגעוואקסן 2 קליינע גרופעס לאגער־יידן וואָס האָבן זיך געשלאָגן מיט דער דעה, ווו צו גיין. „מיר זיינען ארומגערינגעלט מיט דייטשן, און מיר זיינען פארלוירן" — האָב איך זיי געזאָגט. מחמת גלייכגילטיקייט און רעזיג־נאציע האָט איין גרופּע באשלאָסן שוין צו בלייבן אין לאגער, „ווו האָבן מיר צו גיין?" -- האָבן זיי געזאָגט. די אנדערע גרופּע איז באלד אריבערגעקראָכן דעם דראָט און ערגעץ אין דער טונקלקייט פארשוואונדן. אויך איך מיט מיין יינגל האָבן דאָס זעלבע געטאָן. מיר האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון די פּויערישע כאַט־קעס און גערטענער. אין לאגער זיינען דעמאָלט איבערגעבליבן פון 50 ביז 60 על־טערע מענער, פרויען און קינדער, אויסגעמאַטערטע און רעזיגנירטע שוין פון לעבן.

בשעת מיר האָבן זיך געשלעפּט איבער די גערטענער האָבן מיר געהערט א כסדרדיקע שיסעריי וואָס האָט אונדז באשטעטיקט, אז די שחיטה האָט זיך אָנגע־הויבן. דורך דער נאכט האָבן מיר געוואנדערט. און בייטאָג זיינען מיר געלעגן אין די זאנגען. מיר האָבן זיך ווי צוויי שאָטנס ארומגעבלאָנקעט איבער פעלדער און גערטענער. אין דער נעץ פון די רעגנס און אין דער קעלט פון טריבע פארטאָגן. מיר האָבן זיך קוים דערשלעפּט צום דאָרף פּאָלופּאנאָווקע. מיר זיינען געווען דאָרשטיק און הונגעריק. מיר זיינען אריינגעקומען צו א פּויער וואָס האָט אונדז געגעבן טרינ־קען און עסן. מורא האָבנדיק אָבער פאר דער אייגענער הויט, האָט ער ניט מסכים געווען אונדז צו האלטן. ער האָט אונדז בלויז געוויזן דעם וועג אין וואלד אריין. מיר האָבן זיך דאָרט באגעגנט מיט נאָך צוויי אחים לצרה, איתמר און ישראל ווערבער פון כמיעליסק. אין די ערשטע 10 טעג זיינען צו אונדז צוגעקומען נאָך צען יידן. די ברידער ווערבער, איך און מיין זון האָבן זיך באלד איבערגעטראָגן אין אן אנדער טייל פון וואלד. דאָרטן האָבן מיר אָנגעטראָפן דריי מיידלעך און 2 קינ־דער יתומים. אין עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר באמערקט, ווי צוויי גרויסע הינט זיינען פארביי אונדז דורכגעלאָפן. מיר האָבן זיך דערשראָקן, ווייל מיר האָבן געוווּסט, אז דאָ ניט ווייט געפינען זיך דייטשן אויף געיעג. מיר האָבן קוים דער־צווינגען דעם אויפדערנאכט, כדי קענען וועגן דעם פאל צו וויסן געבן די אלע יידן אין וואלד. מיר האָבן אויך באשלאָסן צו פארלאָזן דעם געפערלעכן וואלד־טייל און פאָרגיין עטלעכע ק"מ ווייטער, אין די טיפענישן פון דעם זעלבן וואלד. מיר זיינען שוין דעמאָלט געווען 19 מאן. אויף דעם נייעם אָרט האָבן מיר זיך געמאכט גע־

צעלטן פון צווייגן. גרויסע שוועריקייטן האָבן מיר געהאַט מיט דער באַשפּייזונג. אין די נעכט פלעגן יחידים גיין אין די דערפער צו באַקאַנטע פויערים איינקויפן אַ ביסל פּראָדוקטן. צום וואַסער־קוואַל איז געווען זייער אַ ווייטער מהלך. נאָך 2 וואָכן זיינען מיר אַנטדעקט געוואָרן פון אַ פּאַסטעך. ער האָט אונדז אָבער צוגעזאָגט קיינעם דעם סוד ניט צו דערציילן. גיט געקוקט אויף דעם האָבן מיר באַשלאָסן זיך איבערצוטראָגן אויף דער צווייטער זייט פון דעם וואַלד, נענטער צום דאָרף כמיעליסק. דאָרטן האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט אַ גרופּע פון עלף ייִדן. דער יישוב האָט שוין דאָ באַטראָפן 30 מענטשן. מיר האָבן אין דעם אָרט פאַרבראַכט אַ פּאָר וואָכן.

עס האָט זיך דערנענטערט דער האַרבסט. עס איז געווען קאַלט און רעגנס האָבן אונדז געוואַשן. מיר האָבן דערפאַר אָנגעהויבן צו בויען אַ בונקער. אין דער זעלבער צייט זיינען אין דאָרף כמיעליסק פאָרגעקומען רעוויזיעס אויף ייִדן. מיר זיינען געוואויר געוואָרן, אַז מען האָט פיל ייִדן געכאַפּט, אויך גרייטן זיך די דייטשן מיט אַן איבערפאַל אויפן וואַלד־יישוב. מיר האָבן געלאָזט דעם בונקער אַ ניט־פאַרענדיקטן און זיך ווידער געלאָזן אין אַן אַנדער אָרט. אָנקומענדיק אין וואַלד מאַליניק האָבן מיר דאָרט אָנגעטראָפן צוועלף ייִדן. עס איז גראָד געווען ערב יום־כיפור, האָבן מיר זיך פאַרפאַסט מיט געבראָטענע קאַרטאָפל, און משה ליב העבט האָט אויסווייניק געזאָגט כל־נדרי. אויך האָט טוני שוואַרץ אויף מאָרגן געדאַוונט און מיר האָבן זיך איינגעהערט צו די טרויעריקע תפילות. אין דעם אָרט האָבן מיר זיך אויפגעבויט שאַלאַשן פון צווייגן, און אין פחד, פאַרצווייפלונג, רעגנס און קעלט האָבן מיר דאָ דורכגעלעבט ביז ענדע נאָוועמבער 1943. אין אַ געווויסן אינדערפרי קומט דער פויער זיעמבאַ פון האָראָדניצע מיט אַ ביקס אין דער האַנט און פאַרהאַלט ערגעץ מיין זון אויפן וועג נאָך וואַסער. ער פרעגט אים אויס וויפל ייִדן מיר זיינען אין וואַלד און צי פאַרמאָגן מיר געווער. זיעמבאַ האָט אים באַפוילן, אַז אין אַ האַלבער שעה דאַרפן אים די ייִדן ברענגען דאָס גאַנצע געלט און גאָלד, און ווען ניט, וועט ער געבן אַ פייף, און עס קומען נאָך פיל פון זיינע באַוואָפנטע חברים, וואָס וועלן אויסקוילען אַלע ייִדן... מיין זון איז געקומען צו לויפן אַ פאַרסאָפּעטער און אונדז דאָס אַלץ דערציילט. מיר זיינען באַלד אַנטלאָפן אין גרויס פּאַניק אין אַן אַנדער טייל פון דעם וואַלד. זיעמבאַ, וואָס האָט געוואַרט די האַלבע שעה, און זיך ניט געקענט דערוואַרטן, איז אַריין צווישן די צעלטן פון די אַנדערע ייִדן, ער האָט גראָד אָנגעטראָפן ריסיע קאַץ און ביי איר צוגערויבט דאָס גאַנצע פאַר=

מענן, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַ פּאָר צענדליק זלאָטעס. אַלע אַנדערע יידן זיינען זיך צעלאָפֿן. ווען ער האָט זיך געלאָזט אונדז ווידער זוכן אין אַנדערע טיילן פֿון דעם וואַלד, האָט אים באַגעגנט דער געוועזענער באַקאַנטער לאָדזער באָקסער שוואַרץ (איינער פֿון אונדזער גרופּע), וועמען עס איז געלונגען נאָך אַ קורצן גע־שלעג צוצונעמען ביים באַנדיט די ביקס און דאָס היטל.

מיר האָבן שוין געזען, אַז דאָ קען מען ווייטער ניט בלייבן, האָבן מיר באַ־שלאָסן זיך איינצוטיילן אין קלענערע גרופּעס און זיך לאָזן וואַנדערן אין פֿאַרשיי־דענע אַנדערע וועלדער. איך מיט מיין גרופּע זיינען געגאַנגען צום וואַלד האָרעס, 4 ק"מ ווייט פֿון דאַנעט. מיר האָבן געהאַט זייער אַ שווערן וועג. עס האָט געבושע־וועט אַ זאַווערוכע, און טעלעכע שעה זיינען מיר געלעגן פֿאַרדעקט אין שניי און ניט געוווּסט דעם וועג. הונגעריקע און האַלב פֿאַרפֿרוירענע זיינען מיר ערשט פֿאַר־טאָג אָנגעקומען צום באַשטימטן וואַלד. מיר האָבן אָנגעהויבן צו גראָבן אַ בונקער פֿאַר 18 מענטשן. מאיר גרינפֿעלד האָט אונדז דערביי פֿיל מיטגעהאָלפֿן. מאיר גרינפֿעלד האָט בכלל פֿיל אויפֿגעטאָן און מיטגעהאָלפֿן די יידן אין די וועלדער. ער איז געווען דער פֿאַרבינדונגס־מאַן פֿון אַלע וואַלד־יידן. נאָך ניט האָבנדיק באַוויזן אויסצוענדיקן דעם בונקער, זיינען אונדז אין דעצעמבער באַפֿאַלן דריי באַקאַנטע פּוילישע פּויערים קרופּאַ, בענצאַר און ווישקאָווסקי. אונטערן אויסרייד פֿון זוכן גע־ווער האָבן זיי אונדז געוואָלט באַרויבן. דערביי האָבן זיי אָפּגעטאָן זייער מיאוסע זאַכן, ווי פֿאַרגוואַלדיקט, געשלאָגן, חרוב געמאַכט דעם בונקער און צעבראָכן דאָס אייזערנע קיכל. שפּעטער זיינען צו אונדז די פּויערים מער ניט געקומען. ווי מיר זיינען דערנאָך געוווירן געוואָרן האָבן זיי באַקומען וואָרענונגס־בריוו פֿון עפּעס אַ פּוילישן קאָמיטעט, וואָס האָט אַפּעלירט צו זייער געוויסן, זיי זאָלן ניט פֿאַרפֿלעקן דעם כבֿוד פֿון דעם פּוילישן פֿאָלק.

מיר האָבן זיך צוגעוווינט צום שווערן וואַלד־לעבן. מיר האָבן אויסגעענדיקט דעם בונקער. יעדער האָט באַקומען צוגעוויזן אַ שטיקל אָרט צום שלאָפֿן: 30 צענ־טימעטער די ברייט, 1 מעטער 70 די לענג. די לייז האָבן אונדז זייער געפּלאָגט. די וועש פֿלעגן מיר זיך וואַשן אין שניי. פֿון אונדזערע בונקער־מענטשן האָב איך גע־שאַפֿן אַ קאָלעקטיוו. איך האָב איינגעטיילט די אַרבעט צווישן אונדז: באַזונדערע קאָמיסיעס פֿאַר דער קיך, פֿאַר האָלץ האַקן, פֿאַר שפּייז־פֿאַרזאָרגונג, פֿאַר פֿינאַנסן אא"וו. אין די פֿרייע שעהן פֿלעגן מיר זיך דערציילן מעשיות. מאַנכמאָל פֿלעגן מיר

פון דאַרף באַקומען צייטונגען, פון וועלכע מיר פלעגן מיט שפּאַנונג אויפכאַפּן יעדעס וואָרט. אַמאָל פלעגן מיר זינגען יידישע פאָלקסלידער אָדער חזנישע ניגונים. מיר פלעגן אָפּהאַלטן יאָרצייטן און כמעט אין אַלע רואיקע טעג דאַווענען מיט אַ מנין. קדיש האָט יעדער פון אונדז געזאָגט, ווייל עס איז פון אונדז קיין איינער ניט געווען, ער זאָל ניט האָבן פאַרלוירן עמעצן פון דער מישפּחה. מיר פלעגן פירן וויכוחים און זיך טרייסטן מיט גוטע בשורות און ווייטע האָפענונגען. אָבער יעדע פּאָר טעג האָט צווישן אונדז אויפגעוואַכט אַ שווערע פּאַניק און שרעק. מען האָט גערעדט אַז אין יאַנואַר באַדאַרפן פאָרקומען אין די וועלדער יאַגדן, בעת וועלכע בייזע הינט און מענטשן וועלן קענען פאַלן אויף אונדזערע שפּורן. גוטע פּויערים האָבן געוואָרנט פאַר אָבלאַוועס, וואָס אוקראַינער און דייטשן האָבן בדעה צו אָרגאַניזירן. שטענדיק זיינען געווען סיבות, וואָס האָבן געטרויבט די רו און דעם שלאָף. אין אַנדערע טיילן פון דעם זעלבן וואַלד האָבן געלעבט פון 40 ביז 50 סקאַלאַטער יידן אין די זעלבע באַדינגונגען ווי מיר. יעדעס מאָל פלעגן זיך אָפּרייסן באַזונדערע קליינע גרופּעס און פלעגן וואַנדערן אין אַנדערע וועלדער. די אייביקע מורא פאַרן טויט האָט געעקבערט דעם מוח. דורך די נעכט פלעגט מען זיך אַרומבלאָנקען ווי שאָטנס, זוכן מער שוץ און זיכערקייט. מאַנכע גרופּעס פלעגן אַוועקגיין און נאָך שווערע אומבלאַנדזשענישן זיך צוריק אומקערן צום אַלטן אָרט. אַ גרופּע פון זיבן מענטשן האָט זיך אויסגעהאַקט אַ באַהעלטעניש אין אַ פעלז אונטערן שטעטל. ביי אַזעלכע וואַנדערונגען איז פון אַ דייטשער קויל געפאַלן דעם געאָמעטער ווייסטויבם זון.

אַרום מיטן פעברואַר 1944 זיינען כמעט אַלע מענטשן צוריקגעקומען. מיר האָבן ווידער אַ פּאָר וואָכן רואיק געלעבט, ביז די באַקאַנטע איבערפאַלן פון די פאָלקס־דייטשן, וועלכע האָבן פאַר יעדן יידישן קאָפּ באַקומען אַ פּרעמיע. מיר האָבן דעמאָלט איבערגעלעבט שרעקלעכע טעג. מיר האָבן באַצאָלט מיט צוויי קרבנות: לייב פון טאַרנאָפּאָל און מענוס ראָטשטיין (דוד ראָטשטיינס איידיקל, פון סקאַלאַט). מיר זיינען געווען אַרומגערינגלט. אין וואַלד האָט געהילכט אַ שיסעריי און מיר האָבן זיך כאַאָטיש צעשאָטן איבער דער לענג און ברייט פון וואַלד. די על־פּי־נס אָפּגעראַטעוועטע האָבן געזוכט פרישע באַהעלטענישן. אַ טייל זיינען געגאַנגען צו פּויערים, אַ טייל אין אַנדערע וועלדער. מיר זיינען געבליבן זיבן מענטשן, ניט האָבנדיק וווּ צו גיין. נאָך וואַקלענישן האָבן מיר זיך אַנטשלאָסן צו-

גיין צום מאליניקער וואלד. דאָרט איז ערשט ניט לאנג פאָרגעקומען אן איבערפאַל מיט פיל קרבנות. מיר זייגען אָנגעקומען צו א בונקער, וואָס איז שוין געווען פון פריער אנטדעקט. ער איז געווען הפקר און חרוב, גלייך ווי אונדזער לעבן. מיר האָבן דאָרט פארבראכט אין די שווערסטע באדינגונגען. דער עיקר האָבן מיר געליטן, וואָס מיר האָבן ניט געהאט קיין פייער. דערצו האָבן מיר ממש געהונגערט. מיר האָבן זיך דערנערט מיט שניי און מיט ווייסע פארפרויערענע בוריקעס, איבערגעבליבענע רעשטלעך פון די אויסגעהרגעטע יידן. שפעטער א פאָר טעג האָבן מיר אויך אָנגעטראָפן אין אן אנדערן צעשטערטן בונקער א גרופע פון זיבן יידן. אויפן דרייצנטן טאָג האָבן מיר געהאט א באזוך פון צוויי עלעגאנטע, ציוויל אָנגעטאָגענע דייטשן. שטייענדיק אזוי ביים ארייגגאנג פון דער חורבה, האָבן זיי אָנגעהויבן ארויסרופן פון דעם בונקער. אייניקע פון אונדז זייגען ארויסגעקראָכן, גלייבנדיק צו קריגן א שטיקל ברויט. די דייטשן האָבן פאר זיך געזען לעבעדיקע מתים, אָפגעריסענע און בארוועסע, קראנקע און געשוואָלענע. זיי האָבן געזאָגט, אז זיי וועלן נאָך קומען. מיר האָבן פארשיידן אויסגעטייטשט די באגעגעניש. מיר זייגען שוין צום לעבן געווען גלייכגילטיק. די דייטשן זיינען אָבער מער ניט געקומען. אונדזער איינגעפאלענער בונקער האָט געהאט צוויי אָפטיילונגען. אין איינעם פון זיי האָט זיך געפונען דער ערשטער פיאָנער פון דעם וואלד, פראָשגאגג מיט זיין קינד, א הויקערדיקער יונגערמאן פון גזשימאלאָוו, שווארץ האָט ער געהייסן, צוויי סקאלאטער יינגלעך (פסח־יאָסל שאמעסעס אייניקלעך). זיי אלע זיינען געווען געשוואָלן און קראנק, אָפגעשאָטן מיט לייז. עס איז געווען א שרעק אויף זיי צו קוקן.

צוליב די גרויסע פרעסט און שניי־פארווייאונגען איז אוממעגלעך געווען צו באקומען שפייז. אייניקע האָבן זיך געלאָזט גיין, אָבער באלד זיך אומגעקערט. זעענדיק ווי אויסזיכטסלאָז עס איז דאָ צו בלייבן, האָבן מיר באשלאָסן ווידעראמאָל צוריקצוגיין אין די האָרעס, צו אונדזער שוין אנטדעקטן בונקער. „טוב חללי חרב מחללי רעב“, שוין בעסער אומקומען פון שווערד ווי פון הונגער, האָב איך געזאָגט, און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אריין. אָפגייענדיק א פאָר ק"מ האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף א גרויס פייער אין וואלד. הונגעריקער ביימער האָבן געברענט. מיר האָבן זיך געוואָרעמט ביי די פלאמען. מיר האָבן זיך אויך אָפגעקאָכט פון שניי אויסגעלאָזטע וואסער. מיר האָבן געלאָשן אונדזער הונגער און דאָרשט מיט הייס וואסער, זיך אויסגערוט און ווייטער נעגאנגען. צוריקגעגאנגען זיינען מיר בלויז

9 מאַן, ווייל 5 זיינען ניט געווען טראַנספּאָרט־פֿעאיק. זיי זיינען אויך א פּאָר טעג שפּעטער געשטאָרבן פֿון הונגער און קעלט. מיר האָבן פֿארבראַכט נאָך דריי וואָכן אין אונדזער אַלטן בונקער אויף די הארעס. די סאָוועטישע חיילות האָבן זיך דער־נענטערט. מיר האָבן געהערט שרעקלעכע קאַנאָנאַדעס. ארום אונדזער וואלד האָבן געראַנגלט דייטשע „טיגערן", וואָס האָבן באַשאָסן דעם וואלד. די סאָוועטן האָבן אָבער באהערשט דעם וואלד. ווען די סאָוועטישע סאָלדאַטן זיינען פֿון אונדז גע־וויר געוואָרן, האָבן זיי צו אונדז געשיקט א דאָקטאָר און מען האָט אונדז פֿאַר־גומען צום הינטערלאַנד. אויפֿן וועג איז פֿלוצלונג געשטאָרבן אפרים ליבליך.

אונדזערע קליינע רעשטלעך פֿון די וועלדער זיינען צוריקגעקומען אין דעם חרובן סקאַלאַט. מיר זיינען פֿון דאָרטן אלע אנטלאָפֿן, כדי אויף דער ווייטער וועלט צו בויען זיך א לעבן. אין סקאַלאַט האָבן מיר איבערגעלאָזט די קברים, אונדזערע יידישע קברים..."

---

<u>מיינע אייגענע איבערלעבונגען אין וואלד:</u>

אין דעם זעלבן טאָג ווען מיין מאמע און איך זיינען געקומען אין אָסטראַ־טאָנילער וואלד, איז דורך אן אומבאַקאַנטן פֿארברעכער דערמאָרדעט געוואָרן א ייד. דער טויטער קערפּער איז שוין געלעגן ביים ראַנד פֿון דעם וואלד. דאָס האָבן אים די פּויערים פֿון דעם דערפֿל צוגעפֿירט, כדי די יידן אליין זאָלן אים מקבר זיין. קיינער האָט אָבער ווענן דעם איצט ניט געקלערט, אפילו ניט דער אייגענער פֿאָטער פֿון דעם בר־מינן, ווייל יידן האָבן מורא געהאַט פֿאַר אן אָבלאַווע. ציטערנדיקע און דערשראָקענע זיינען א צוויי צענדליק יידן ארויסגעקראָכן פֿון די בונקערס און האָבן זיך באַלד פֿאַרמירט אין גרופּעס, וואָס האָבן אין גרויס איילעניש און פּאַניק זיך צעשפּרייט אין פֿארשיידענע ריכטונגען פֿון דעם וואלד. אונדז, די ערשט נאָר וואָס אָנגעקומענע, האָט קיינער ניט געוואָלט קענען. מיר זיינען איבערגעבליבן אין וואלד פֿארצווייפֿלטע און אומבאהאָלפֿענע. ווי לויפֿט מען, אז מיר קענען ניט די וועגן?

פֿלוצלונג איז ווי פֿון אונטער דער ערד ארויסגעוואַקסן מאיר גרינפֿעלד מיט פֿרוי כריין. אויך זיי האָבן א גאַנצע נאַכט געוואַנדערט אין בארטניקס וואלד גלייך ווי מיר, און האָבן זיך קוים דערשלעפּט אהער. דאָס באַגעגענען מיין חבר

פון די יונגע יאָרן דווקא ביי אזא שווערן מאָמענט און אין אזעלכע באדינגונגען איז פאר מיר געווען ווי עפּעס אן אומבאגרייפלעכע און וואונדערלעכע געשעעניש. מיר זיינען זיך געלעגן אין די אָרעמס און געוויינט. מיר האָבן אויף א מאָמענט פאר־געסן די טרויעריקייט און די שוועבנדיקע סכנה ארום אונדז. „קומט מיט מיר, איך קען אלע וועגן און סטיעזשקעס!“—האָט גרינפעלד געזאָגט. מיר זיינען זאלבעפערט געגאנגען אויף געדרייטע וועגן, צווישן געדיכטע צווייגן, שעהן נאנצע, קילאָמעטערס פיל, ביז א גאָר אנדערן וואלד. דערנאָך האָבן מיר זיך ערגעץ פארשטופּט אין א געדיכטעניש פון קוסטעס און האָבן זיך אָפּגערוט. מיר האָבן זיך אין דער שטיל דערציילט וועגן די ביז איצטיקע איבערלעבענישן און געמאכט פּלענער אויף אונד־זער צוויישלהאפטער צוקונפט. אין שפּעטן אָוונט האָבן מיר זיך צוריקגעקערט צום אָסטרא־מאָגילער וואלד. מיר האָבן זיך באגעגנט מיט די יידן. די שרעק איז גע־ווען אן אומזיסטע. נאָך דעם ווי די אוקראינישע מיליץ האָט בודק געווען דעם טויטן און זיך איבערצייגט, אז דאָס איז א ייד, האָבן זיי בלויז אָפּגעשריבן א פּראָטאָקאָל און זיך ווייטער געפאָרן. מיר האָבן געגעכטיקט אין בונקער פון פאמיליע בלאנק. צו מאָרגנס זיינען מיר אלע געגאנגען מיט רידלען און העק מקבר צו זיין דעם טויטן. שפּעטער הארבסט, דער אינדערפרי איז געווען פארנעפּלט און טריב. נאָכן אָפּטאָן די ארבעט זיינען מיר אלע געשטאנען ארום דעם פרישן קבר מיט אראָפּ־געבויגענע קעפּ און געשוויגן. בלויז דער ווינט האָט געפייפט און די ביימער האָבן גערוישט, גלייך ווי זיי וואָלטן קדיש געזאָגט. ביים ראנד פון וואלד, ניט ווייט פון דער סטיעזשקע, צווישן צוויי הויכע ביימער מיט נאקעטע צווייגן, ווי אויסגע־שטרעקטע הענט, איז געלעגן דער קבר פון א יונג יידיש לעבן, וואָס האָט שוין זיינס איבערגעקומען. מיר האָבן דאָס בערגל ערד פארדעקט מיט געלע בלעטער, בא־וועגלעכע פון דעם ווינט, און בוציע עלפּעגבוים האָט מיט א מעסערל אין דער קאָרע פון איינעם פון די ביימער אויסגעקריצט די ראשי־תיבות פון דעם דערמאָרדעטנס נאָמען: ג. ב. „זאָל דאָס זיין די מצבה“, האָט ער געזאָגט. מיר האָבן זיך דערנאָך אומגעקערט צו אונדזערע „וווינונגען“ אין וואלד. מען האָט צונויפגעבראכט פאר־טריקנטע צווייגן. צווישן 2 שטיינער האָט אויפגעפלאמט א פייער, אויף וועלכן עס האָט זיך געקאָכט א גרויסער טאָפּ מיט זופּ. די יידן אין וואלד האָבן אונדז ניט גערן געזען. זיי האָבן מורא געהאט, ווייל די פּויערים האלטן אונדז פאר רייכע. „דאָס קען צוציען אן אומגליק“, האָבן זיי געזאגט. „דער וואלד איז גענוג גרויס,

מאכט אייך אין אן אנדער טייל פון דעם וואלד א בונקער". אין דער אמתן
האָבן טאקע פויערים געלויערט אויף אונדז. מיר האָבן באשלאָסן ווי צום גיכסטן
גיין פון דאנען. אויף יעדן שריט האָבן מיר געפילט א געפאר. גרינפעלד איז ביי=
נאכט אוועקגעגאנגען זוכן א באהעלטעניש ביי א פויער. נאָך צוועלף טעג אויפ=
האלטן אין אָסטרא=מאָגילער וואלד האָבן מיר זיך אין א שנייאיקער נאכט געלאָזט
אין וועג אריין. אין טיפער נאכט זיינען מיר דורכגעגאנגען פארביי די גרויסע מאסן=
קברים אין מיטן פעלד. די בערגלעך זיינען געווען באדעקט מיט שניי, און די צוועלף
הויכע טאָפּאָלעס דערביי האָבן ארויסגעקוקט פון דעם ווייסן הינטערגרונט ווי
מצבות, וואָס שטרעקן זיך העכער, אלץ נענטער צום הימל. אונדזערע פיס אויפן
שניי האָבן די ערשטע אויסגעדריקט א קראנץ פון מענטשלעכע טריט, דער ערשטער
נאנג אויף קבר=אבות אין אזא אומהיימלעכער און שווערער שעה. מיין פאָטער
האָט דאָ צוזאמען מיט אלע אנדערע קדושים געפונען דעם טויט. איך האָב פון מיר
ארויסגעבראכט די ערשטע ווערטער פון קדיש. מער האָב איך ניט געקאָנט. זיי
זיינען דערשטיקט געוואָרן אין טרערן. מיר זיינען גיך אנטלאָפן פון דעם בלו=
טיקן אָרט.

מיט מזל זיינען מיר אָנגעקומען צום פויער, דעם ווילטוער. מיר זיינען
פארטיק געוואָרן מיטן מקח. אן איינזאמע כאטע אין מיטן פעלד. א קלוגער פויער,
א געשעפטסמאן, דערצו אויך אן אוקראינער, איז דאָס געווען אונדזער מכניס
אורח. א געלענער, א מאָלצייט און א ווארעמקייט פרישט אויף די מידע גלידער.
גרינפעלד וויל פון אונדז אוועקגיין. מיר לאָזן אים ניט. עס ציט אים צוריק אין
וואלד אריין. ער איז געבליבן. מיר האָבן זיך געפילט זייער גליקלעך אין דעם נייעם
באהעלטעניש.

עס זיינען וואָכן פארגאנגען. אין די נעכט פלעגט זיך גרינפעלד ארויסגנבע=
נען אין די וועלדער, וווּ יידן האָבן זיך געפונען, כדי צו זען זייערע לעבנס=באדינ=
גונגען. אונדזער פויער פלעגט קרום קוקן אויף אזעלכע מארשרוטן. דאָס קען צוציען
א פארדאכט, און דעמאָלט זיינען מיר אלע פארלוירן. דערווייל איז אויסגעגאנגען
אונדזער געלט. גרינפעלד האָט זיך אונטערגענומען אויסצוגראָבן אונדזער געלט,
וואָס האָט זיך געפונען אין אונדזער הויז אין שטאָט, ווו עס האָבן איצט געלעבט
קריסטן. אים איז די זאך געלונגען, און דאָס איז באמת געווען א העלדישער טאט.
אויך איז דאָס ארומוואנדערן אין די נעכט געווען לעבנסגעפערלעך. דאָס וואָס גרינ=

פעלד האָט געקאָנט אויפטאָן, האָט אן אנדערער ניט געקאָנט. ער האָט פארמאָגט גרויס דרייסט. ניט איינמאָל האָט ער געוואגט קארק־ברעכערישע אונטערנעמונגען, און דאָס מזל האָט אים תמיד צוגעשפּילט. לויט דעם לעצטן באריכט פון דעם לעבן אין וואלד, זיינען פיל יידן קראנק געוואָרן אויף קרעץ, די קעלטן און דער הונגער מאכן אוממעגלעך דאָס ווייטערדיקע לעבן. מיר האָבן דערפאר געקלערט וועגן א פּראקטישער הילף פאר די וואלד־יידן. גרינפעלד איז ביינאכט געגאנגען צו זיינע באקאנטע קריסטן, אויסגעביטן ביי זיי 110 דאָלאר און געבראכט פאר זיי 9000 זלאָטעס. גאָך אין דער זעלבער נאכט איז צווישן די וואלד־יידן פון די האָרעס און אָסטרא־מאָגילע פארטיילט געוואָרן דאָס געלט. „דאָס האָט אייך געשיקט דער פּוילישער קאָמיטעט" — האָט גרינפעלד די יידן געזאָגט. „אויב היינט צו טאָג געשעען אזעלכע ניסים, איז א סימן אז מיר וועלן איבערלעבן דעם קריג!" — האָט איינער פון די וואלד־יידן, מענדל ראָטשטיין, געזאָגט. (ליידער האָט דער לעצטער ניט איבערגעלעבט; פאָלקס־דייטשן האָבן אים דערשאָסן), און יעדער האָט נאאיוו געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פון אזא איידעלן טאט. גרינפעלד האָט פון דעם וואלד צוריקגעבראכט א רשימה מיט אונטערשריפטן, וואָס באשטעטיקן דעם דערהאלט פון דעם אויסגעטיילטן געלט. דער טאט האָט אין די וואלד־יידן ארײנגעבלאָזן א נייעם רוח־חיים. עס האָט זיך געהאָפט און געגלויבט אין א בעסערן מאָרגן. א קלייניקייט עפּעס, א פּוילישער קאָמיטעט וואָס העלפט יידן!"...

די זעלבע באָבע־מעשה האָבן מיר דערציילט אונדזער פּויער, דעם ווילטוער, וועלכער איז דערפון גערירט געוואָרן ביז טרערן. ער האָט ארויסגעכאַפּט פון קעשענע 250 זלאָטעס און געזאָגט: „גאט אייך אויך א צושטייער און פארשרייבט מיך אויך אין פּוילישן הילפס־קאָמיטעט, כאָטש איך בין אן אוקראאינער." מיר האָבן, פארשטייט זיך, אויסגענוצט דעם גינסטיקן מאָמענט, כדי אויסצובייטערן די הילפס־ארבעט פאר די וואלד־יידן. א פּאָר טעג שפּעטער איז פארזאָרגט געוואָרן זאלב און אנדערע מעדיקאמענטן פאר די קראנקע, אויך האָבן מיר צונויפגעקליבן א ביסל מלבושים, וואָס איז אין טיפער נאכט אוועקגעטראָגן געוואָרן אין וואלד אריין. אונטער אונדזער רעדאקציע (און מיטווירקונג אויך פון פּויער) איז געשריבן געוואָרן אין נאָמען פון פּוילישן קאָמיטעט בריוו צו די פּוילישע איבערפאלערס ווישקאָווסקי און בענצאר, אז עס פּאסט ניט פאר פּאָליאקן צו טאָן אזעלכע שענדלעכע טאטן קעגן יידן. דאָס האָט געהאָלפן, און די באנדיטן זיינען אין

וואלד אריין מער ניט געקומען. מיר האָבן אויך געהאַט צוגעגרייט א גרעסערן קוואנטום פּראָוויאנט, קארטאָפל, פעטס און גריפּן, וואָס האָט געזאָלט מיטן פויערס פערד אָפּגעשטעלט ווערן אויף אן אָפּגערעדט אָרט אין וואלד. דאָס איז שוין אָבער ניט אויסגעפירט געוואָרן, ווייל עס האָבן זיך פּלוצלונג ביים פויער אין שטוב איינ-געקווארטירט פאָלקס-דייטשן, אויך אין שטאל זיינען אוועקגעשטעלט געוואָרן זייערע פערד, וואָס זיינען טאָג און נאכט געהיט געוואָרן פון א וואך. מיר זיינען אין גרויס איילעניש ארויסגעשפּרונגען אויפן בוידעם, אויף וועלכן עס האָט א געהיימע גוט מאסקירטער לאָך געפירט צו א שמאָלן באהעלטעניש צווישן צוויי פארמויערטע ווענט. מיר האָבן זיך געפונען אונטער איין דאך מיט די דייטשן, בלויז א וואנט האָט אונדז אָפּגעטיילט פון זיי. דאָס האָט אויך איבערגעריסן אונדזער קאָנטאקט מיטן וואלד. עס איז צו אונדז צוגעקומען נאָך א ייד, וועלכן דער פויער האָט ביז איצט געהאלטן אין שטאל, און מיר האָבן פון דעם ניט געוווּסט. דאָס איז געווען אשר קליינער פון סקאלאט. דערפאר, וואָס ער האָט דאָרט געמאכט פארשיידענע סטאָליאר-ארבעטן האָט מען אים אויסבאהאלטן און געשפּייזט.

אין די איינגעמויערטע ווענט האָבן מיר איבערגעלעבט שווערע טעג. מיר האָבן מקנא געווען די יידן, וואָס לעבן אויף דער פריי אין וואלד. יעדע מינוט איז געווען סכנהדיק, צוליב דעם כסדרדיקן דרייען זיך פון די דייטשן, וואָס האָבן גע-קאָנט ארויפקומען אויף אונדזער שפּור. אויך האָט זיך (און מיט רעכט) אונדזער פויער זייער דערנערווירט. „גאָלדענע איינשפּריצונגען" האָבן יעדעס מאָל ווייכער געמאכט דעם ווילטוערס הארץ. (און דערצו איז אויך קיין ברירה ניט געווען, ווען מיר וואָלטן אפילו געגאנגען, וואָלטן די סטאבילע וואכן דאָס אוממעגלעך גע-מאכט). מיר אלע האָבן געלעבט אין גרויסער שרעק. דער פויער האָט אונדז איבער-געגעבן, אז די זעלבע דייטשן, וואָס ווינען ביי אונדז, מאכן איבער די וועלדער אָב-לאוועס און זיי האָבן שוין פיל יידן געכאפּט. פאר די העלדישע טאטן באקומען זיי פרעמיעס פון דער פּאָליציי: בראנפן און צוקער. ווען די דייטשן פלעגן זיך איינ-אָרדענען הוליאנקעס, האָבן מיר דאָס געהערט דורך דער וואנט, וואָס האָט אונדז פון זיי אָפּגעטיילט. מיר פלעגן שוין דאן אויך וויסן, אז נאָך יידישע לעבנס זיינען געפאלן פון זייערע הענט.

ווען דער סאָוועטישער פראָנט האָט זיך דערנענטערט און מיר האָבן גע-הערט די שטארקע קאנאָנאדעס פון ארטילעריע און באָמבעס-אויפרייסן, האָבן מיר

פארשטאנען, אז די הילף איז נאָענט. אונדזער ברויטנעבער האָט אונדז ווען דעם ניט נעזאָגט, ווייל ער האָט אונדז ניט געוואָלט אָנטאָן דעם פארגעניגן. ער האָט פאר די סאָוועטן נאָך מער מורא געהאט ווי פאר די דייטשן. אין איינער א נאכט האָבן מיר דורך דער וואנט געהערט, ווי די גאנצע בני־בית פון אונדזער פויער זינ־ גען געבעטן מיט תחנונים און ביטערן געוויין, „דער רבונו של עולם מעג זיך מרחם זיין און ניט לאָזן אריינקומען די באָלשעוויקעס; וואָס וועט זיין מיט די בהמות און פעלדער! . .“ אונדזערע תפילות אליין זיינען אָבער געווען פון א פאר־ קערטן אינהאלט . . . אויף מאָרגן האָבן זיך שוין אונטער אונדזער דאך געפונען סאָ־ וועטישע סאָלדאטן, און די קאמפס־אָפעראציעס האָבן זיך איבערגעטראָגן אויף אונדזער הויף. מיר האָבן זיך געפונען אין סאמע פייער . . . ביינאכט האָט אונדז דער פויער ארויסגעטריבן פון דעם באהעלטעניש. „גייט אין וואלד אריין, באלד קומען צוריק די דייטשן, די סאָוועטן האָבן זיך צוריקגעצויגן. א ניט, זיינען מיר אלע פארלוירן.“ אונטערן האָגל פון קוילן און אין שיין פון ראקעטן האָבן מיר זיך קריכנדיק אויף אלע פיר, קוים דערשלעפט אין וואלד אריין. דאָרטן זיינען שוין גע־ ווען די סאָוועטן. לויט זייער עצה זיינען כמעט אלע יידן אוועק דורך דער פראָנט־ ליניע צום הינטערלאנד, אין דאָרף מאָלטשאנאָווקע, וו דריי יידן האָבן ביי א דייטשן לופטאָנגריף באצאָלט מיט זייער לעבן. מיר זיינען דערנאָך געוויר געוואָרן, אז אין דער כאטע, וו מיר זיינען געווען באהאלטן, איז 2 שעה נאָך אונדזער אוועק־ גיין אריינגעפאלן א באָמבע, וואָס האָט צעשטערט דעם גאנצן בנין. פון דעם פויערס ארויסטרייבן האָט זיך אויסגעלאָזט גוט פאר אונדז.

נאָך שווערע צוועלף טעג באלאגערונג, קאמף, פייער און בלוט, האָט זיך דער וואלד־יישוב ליקווידירט. סקאלאט איז באפרייט געוואָרן. עס האָבן זיך אומגעקערט די קליינע רעשטלעך פון דעם וואלד, רעשטלעך פון דעם מער טויזנטיקן יידישן יישוב אין סקאלאט. זיי זיינען צוריקגעקומען אויסגעמאטערטע, צעבראָכענע און קראנקע.

## הערשקע מיט דער באנדע

אין דער גאנצער אומגעגנט פון סקאלאט האָבן געבושעוועט באנדעס. גיט געווען קיין נאכט, עס זאָל גיט האָבן פאָרגעקומען קיין רויב־אָנפאלן אויף די דער־פער. קליינע שקצימלעך האָבן שוין גענגבעט און גענזלט. אנדערע פויערים פלעגן פירן א טאָפל־לעבן: בייטאָג אָנגעגאנגען פאר רואיקע בירגער, נאָרמאל געלעבט און געארבעט, און בייגאכט געגנבעט. רויב־מאָרדן האָבן גיט געהערט צו די זעלטנ־קייטן. א מענטשלעך לעבן האָט געהאט דעם ווערט פון א פליג. אָנפאלן אויף שוצ־לאָזע יידן, וואָס פלעגן זיך אויס מורא פאר אקציעס בלאָנקען איבער די פעלדער, איז געווען א טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. אז די מלוכה־געזעצן דערלויבן דאָס בא־רויבן און הרגענען יידן, — וואָס־זשע האָט געזאָלט זאָגן דער המון? ..

פלוצלונג האָט זיך פארשפרייט א קלאנג אין שטאָט, אז יידישע רויבער פאלן דורך נאכט זיך אויף דערפער און רויבן דאָרט. מיט דער צייט האָבן אפילו אלע גנבות און רויב־אָנפאלן געגומען גיין אויף דעם חשבון פון די יידן. וואָס אמת, אין יענער צייט זיינען שוין געווען אין די וועלדער יידן, וואָס פלעגן אין די נעכט גנבענען שפייז פון די פויערישע שפייכלערס, ווייל לעבן האָט מען דאָך געמוזט. מיט א פארנעם פון גרעסערן מאסשטאב האָט זיך ערשט שפעטער קוגה שם געווען הערשקע מיט זיין באנדע, וואָס האָט מיט די געוואגטע אויפטוען און „סקאָקן" באמת אָנגעוואָרפן א פחד אויף דער גאנצער סקאלאטער סביבה.

צו הערשקען מיט זיינע מענטשן טאָר מען אָבער ניט צוגיין מיט דער אל־געמיינער מאָס, ווי צו א געוויינטלעכער „רויבער־באנדע". ניט דער פשוטער פאר־דאָרבענער איגסטינקט אין מענטשן האָט געבראכט צום אויפקום פון אָט דער באנדע. א מער טיפערער פאקטאָר האָט דאָ אָנגעטריבן. דאָס איז געווען דער אויס־דרוק פון דער שטורמישער און פיגצטערער צייט, דער פראָדוקט פון אויפגעצוויג־גענער מענטשלעכער ירידה. זייענדיק ארומגערינגלט פון שונאים, צווישן וועלף, און שטייענדיק ביים ראנד פון אָפגרונגט, שוין זעענדיק ממש פאר די אויגן דעם

טויט און אונטערגאנג, און קיין הילף און קיין אויסוועג איז ניט פאראן, — טאָ וואָסערע געדאנקען קענען אין אזא צייט אויפקומען ביים מענטשן און צו וואָסערע טאטן קען דאָס פירן? . .

און ווען מען פרעגט זיך: פארוואָס זיינען אלע יידן ניט געגאנגען אין די וועלדער? פארוואָס האָבן זיי זיך געלאָזט קוילען ווי די קעלבער? איז שווער אויף דעם צו ענטפערן. מיר ווייסן בלויז, אז די דייטשע טייוולאָנים האָבן מיט זייערע ראפינירטע גענג ווי מיט א כישוף אָפּגעטייט ביי די יידן זייערע אלע חושים, און באזונדער דעם נאטירלעכן פרימיטיוון דראנג צו פארטיידיקן זיך. וויל־שוואכקייט, אפאטיע, פארצווייפלונג, פסיכישער און פיזישער צוזאמענבראָך האָבן בהדרגה־דיק דעגראדירט דעם מענטשן און דערפירט אים צו א מצב אז ער איז קנאפּ בכוח געווען אויסצוהאלטן דעם גוואלדיקן דרוק פון דער ארומיקער גרויזאמער וועלט. עס זיינען אָבער אויך געווען יחידים מיט באזונדערש שטארקע כאראקטערן, וואָס האָבן געקוקט אויף דער ווירקלעכקייט מיט אָפענע אויגן און האָבן געזוכט און געפונען אין גרעסטן נויט גאָר אנדערע וועגן. — מען איז געלאָפן אין וואלד אריין! די קליינע גרופּעס האָבן טאקע דאָרט באלד דערפילט דעם טעם פון אן אנדער לעבן, פון אן אנדער וועלט, כאָטש מען האָט אויך דאָרט כמעט תמיד געלעבט אין שרעק. די שיינקייט פון דער נאטור, דער תענוג פון פרייהייט צווישן הימל, ביימער און פייגל האָט געקענט א ביסל אויסהיילן די קראנקע נשמות, אויסגלייכן די רוקנס פון די נעפּלאָגטע מענטשן, אריינגעבן אין זיי צוריק א נאָרמאלקייט, אריינגעבן אין זיי א געדאנק פון פארטיידיקן זיך. — נאָך דער אזוי גערופענער קליינער אקציע אין נאָוועמבער 1942, איז דער יידישער מצב אין סקאלאט שוין געווען א האָפּע־נונגסלאָזער. וווּ לויפט מען און ווו באהאלט מען זיך פארן תליון? די היימען זיי־נען צעשטערט, די נאָענטסטע זיינען שוין געווען פארשלעפּט, אויסגעמאָרדעט. די בונקערס זיינען שוין צום גרעסטן טייל געווען אויפגעדעקט. ניט יעדער האָט געהאט געלט אויף צו פינאנסירן די געלט־גיריקע גאָספּאָדארעס, די ווילטווערס, וואָס האָבן פאר אוצרות נאָלד נעגעבן א באהעלטעניש. וואָס איז אין די מיינסטע פאלן געווען צווייפלהאפט און אומזיכער, ווייל די באלעבאטים אליין פלעגן מאנכמאָל ארויסגעבן זייערע יידן אין די הענט פון שופּאָ אָדער קריפּאָ. לעצטנס איז געוואָרן א מאָדע אויף דעם לאגער, עס האָט געהייסן, אז די נעטאָס וועט מען טאקע פארניכטן, אָבער יידן וועלן נאָך קענען לעבן אין לאגערן. יידן האָבן זיך גענומען רייסן אין

די לאַגערן, וווּהין עס איז אָבער געווען זייער שווער זיך צו אַרייַנבאַקומען. דער סקאַלאַטער יודענראַט האָט דאָן פאַר גרויסע סומעס געלט אויסגעפועלט ביים אָבערשטורמפירער רעבעל צו שאַפן אין אַרומיקע דערפער און שטעטלעך אַרבעטס-פונקטן אַלס צווייַג-שטעלן פון סקאַלאַטער לאַגער. 150 יידן, צו 20 ביז 40 מאַן אין אַ גרופּע, זייַנען אָנגענומען געוואָרן אין די ניי-געשאַפענע אַרבעטס-פּלעצער ביי פּאָדוואָלאָטשיסק, גזשימאַלאָוו, טאַרנאָרודע, קאַטשאַנאָווקע, אָקנע, אָסטאַפּיע, פּאָלופּאַנאָווקע. דאָרט האָבן די יידן געאַרבעט אין די פּאָלווארקן, שטיינבראָכן און בייַ זאַמלען שמאַטעס און פעדערן. די יידן האָבן געמוזט לעבן קאַזערנירט און אונטער אַן אויפזיכט פון דעם יידישן אָרדענונגסדינסט, פאַר וועלכן דער לאַגער סקאַלאַט איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך. בכלל זייַנען די יידן געווען צופרידן פון דער אַרבעט. אין די דערפער האָט מען זיך געקענט פרייער באַוועגן, דער פּחד איז ניט געווען אַזוי גרויס ווי אין שטאָט; אויך מיט דער פאַרפּלעגונג איז געווען פיל בעסער.

די אַרבעטס-פונקטן האָבן אָבער ניט געהאַט קיין לאַנגן קיום. שוין נאָך דריי חדשים האָבן די דייטשן גענומען ליקווידירן די אַרבעטס-פונקטן. אויפן גרונד פון אַ מסירה מצד דעם גרענעץ-שוץ-קאָמענדאַנט הענגער, אַז די יידן אין קאַטשאַנאָוווקע אַרבעטן ווייניק, עסן און טרינקען און קויפן אויס ביי די פּויערים אַלע הינער און פּראָוויאַנטן, וואָס רופט אַרויס אומצופרידנקייט ביי דער אַרישער באַפעלקערונג, — איז אָנהייב מערץ 1943 אַרונטערגעקומען אין דאָרף אַריין אַ שטראָף-עקספּעדיציע פון טאַרנאָפּאָלער ס"ס, כדי צו מאַכן אָרדענונג מיט די יידן. די דייטשן האָבן פאַרטאָג אַרומגערינגלט דעם אָפּגעזונדערטן לאָקאַל פון די יידן, אַרויסגעשלעפּט זיי אויפן פעלד, געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט, דערנאָך זיך אויסלייגן אויף דער ערד מיטן פּנים אַראָפּ און געשאָסן צו זיי אין די נאַקנס.

איבערלאָזנדיק אויפן פעלד דאָס בלוטיקע שאַכבערט מיט 15 קרבנות, זייַנען די רוצחים גיך אַוועקגעפאָרן אין שטעטל טאַרנאָרודע און אויך דאָרט אויף דעם זעלבן אופן אויסגעמאָרדעט אַלע יידן פון אַרבעטס-פּונקט (30 קרבנות).

אין קאַטשאַנאָווקע האָבן זיך אַ פּאָר יחידים אָפּגעראַטעוועט. זיי האָבן צופעליק אין דעם טאָג פאַרלאָזט די וווינונג, איין מיידל, טינקאַ ראָזענצווייג וועלכע האָט באַקומען אַ לייכטן שאָס אין קאָפּ און זיך געמאַכט טויט, האָט זיך אויך אָפּגעראַטעוועט.

נאָך אין דעם זעלבן טאָג האָט די סקאלאטער לאגער־פארוואלטונג באקומען א באפעל, אז זיי זאָלן גלייך צוריקציען דעם רעשט מענטשן פון אלע אנדערע פונקטן און זיי דערוויייל פארהאלטן ביי זיך אין לאגער. אויפן אָקנער ארבעטס־פונקט זיינען געווען באשעפטיקט מיינסטנס יידן פון גזשימאלאָוו, ווי אויך פון דעם זעלבן דאָרף גופא. פון סקאלאט האָט דאָרט דעמאָלט געארבעט העניעק וויינבערג. קיינער אָבער פון אָט דעם פונקט האָט בשום אויפן ניט געוואָלט גיין צוריק קיין סקאלאט. „שטאָט הייסט זיכערער טויט" — האָבן זיי געזאָגט. אין דעם דאָרף אָקנע האָבן נאָך פון אמאָל געוווינט די 2 צאָלרייכע פאמיליעס בירנבוים און פיק־האָלץ. די האָבן שוין באצייטנס, צוזאמען מיט וויינבערגן, זיך אָנגעגרייט א גוטן בונקער אין וואלד, כדי ביי א באדאַרף זיך האָבן וווּ צו באהאלטן. דער אָקנער וואלד איז געווען דאָס וויגעלע פון דער בארימטער יידישער באנדע, וואָס האָט מער ווי א יאָר געהאלטן די גאנצע געגנט אין גרויס פחד.

דער שעפער און אָנפירער פון דער באנדע איז געווען הערשקע בירנבוים. א בחור ביי א יאָר 30, כאָטש קליין אין געוווּקס, האָט ער אָבער פארמאָגט אין זיך א גבורה פון אן אטלעט. פון בארוף איז ער געווען א קאָוואל (א שמיד). ער האָט געטראָגן קליינע שווארצע וואָנסעלעך, א ברונעטער מיט בלויע אויגן. זיין אויסער־לעך אויסזען איז געווען ווי פון א טיפישן פויער. זיינע מלבושים, זיין פּליסיק אוק־ראיניש ריידן, זיינע ספּעציפיש גויישע מאניערן זיינען ביי אים געווען נאטירלעך. אן אומבאקאנטן פלעגט גאָר ניט איינפאלן, אז אזא קען זיין א ייד. צוליב זיין גרוי־סער גבורה פלעגן די פויערים פאר אים מורא האָבן, צוגלייך אָבער אויך געהאט דרך־ארץ און אים ליב געהאט. הערשקע איז פון תמיד געווען א פּעאיקער יונגער־מאן, ניט געווען קיין מלאכה ער זאָל ניט קענען. איז ער געווען א שלאָסער, א סטאָ־לער, א מעכאניקער, ווילט איר — איז ער געווען א מוזיקער, אן אקטיאָר, א ווערטל־זאָגער. ער האָט געקענט אויף אויסנווייניק אלע גויישע פאָלקס־לידלעך און שטיקלעך. שטענדיק אין גוטן הומאָר, געשטיפט און געלאכט. ער פלעגט ניט איינ־מאָל אין דער נאכט אָפּנארן די הענער. ער פלעגט קרייען פריער ווי די צייט, און די הענער האָבן געטריפּעט מיט די פלינלען און אויך אָנגעהויבן קרייען, און די פויערים זיינען אויפגעשטאנען מיט שעהן פריער. ער האָט געקענט נאָכמאכן די קולות אויך פון חיות און אנדערע פייגל. הערשלס דורכגעטריבנקייט און אינטעלי־גענץ האָט געשטאמט ניט פון דער שול; דאָס איז געווען אן איינגעבוירנקייט. ער

האָט געהאַט א גוטן אָריענטירונגס־חוש, אויך אן אויפמערקזאַם אויג. ביי די שווערסטע סיטואַציעס האָט ער זיך געקענט פלינק ארויסהעלפן. „הערשקע וועט ניט פארפאלן ווערן אפילו אין פייער, ווען ער וויל ווערט ער א פויגל" — פלעגן די פויערים אויף אים זאָגן זייער באקאנטן ווערטל. הערשקע איז געווען א שטענדיקער בעל־יועץ ביי די פויערים. אין א זונטיק־טאָג פלעגט ער זיך אנידערשטעלן דרשע־נען גויישע תורות, און דאָס רעדל ארום אים פלעגט הילכיק לאכן. ער האָט שטענ־דיק געוווּסט וואָס עס האָט דער גלח גערעדט אין דער צערקווע, אויך האָט ער גע־וווּסט אלע סודות פון אלע אָרגאניזאציעס אין דאָרף. שוין אונטער דער דייטשער אָקופּאציע, ווען דריי פערטל פון די יידן אין גאליציע האָבן שוין געפעלט, פלעגן אים די גויים מבטיח זיין, אז אים וועט קיין שלעכטס ניט געשען. ניט אויף זייערע פארזיכערונגען האָט אָבער הערשקע געשטעלט זיין לעבן. נאָך דעמאָלט ווען די גרופּע יידן האָט געארבעט אויפן פאָלוואַרק, פלעגן הערשקע, וויינבערג מאַטעס, גאָלדשטיין, לייבקע סענאל און דוד שווארץ זיך ארויסגנבענען אין די נעכט פון די שטיבער און בויען אין וואלד צווישן ביימער און קוסטעס דעם גרויסן בונקער מיט דעם דריי מעטער לאנגן טונעל. ווען עס איז געקומען דער באפעל, אז מען מוז צו־ריקקומען אין לאגער אריין, האָט הערשקע אויסגעגראָבן זיין פארראָסט געווער, גע־פוצט עס און צורעכט געמאכט, דאן האָט ער צוזאמענגענומען זיין מישפּחה און דעם רעשט אָקנער יידן, צוזאמען 21 מאן, צווישן זיי 4 קינדער אין עלטער פון 4 ביז 12 יאָר, — און די אלע זיינען אוועק גלייך אין וואלד אריין. —

---

עס הייבט זיך אָן די רומפולע טעטיקייט פון הערשקען מיט זיינע מענטשן. פון דער גאנצער חברה זיינען געווען נאָר 4 געזונטע און ארבעטס־פעאיקע, דער רעשט איז באשטאנען פון עלטערע טאטעס און מאַמעס, פרויען און קינדער. „מיין שפּי־טאל... — פלעגט הערשקע זאָגן — קוקט מיט וועמען איך לאָז מיך אין מילחמה אריין. . עס מאכט ניט אויס, נאָר ניט געזאָרגט!"

עס זיינען פארביי די ערשטע טעג. קיין געלט איז ניטאָ, די רעזערוון פון שפּייז האָבן זיך געענדיקט, און עסן וויל מען, מוז מען... אין די נעכט פלעגט הערשל מיט דער ביקס זיך נעמען נאָך צוויי באגלייטערס און זיך ארויסלאָזן איבערן דאָרף זוכן חיונה. הערשל האָט געוווּסט פון יעדן ווינקל אין דאָרף, אויך ביי וועלכן גאָספּאָדאר די קאָמאָרע איז פול מיט שפּייז, אויף וועלכע באנטעס עס גע־פינען זיך די בעסטע עופות און ווו עס געפינט זיך דער האָניק. הערשקע און לייבקע

האָבן ארויסגעוויזן ממש ווירטואָזיטעט ביים דורכפירן א גנבה. זיי פלעגן שוין ארויספילן ווען די הינט שלאָפן. איינמאָל האָבן זיי א גאַנצן אויוון ברויט ארויס־געגנבעט, נאָך פריש און הייס. די פויערים האָבן געזען, אז די גנבות דויערן אָן אויפהער, און מען הייבט ניט אָן צו וויסן פון וואַנען זיי שטאַמען!

הערשקעס ארבעט איז געגאַנגען רעגולער און פּלאַנמעסיק. באַלד האָט ער אויך ארום זיך אָרגאַניזירט א מין שפּיאָנאַזש־דינסט. א גרופּע פּאַרטרויטע פּויע־רים, אַלטע גוטע ברידער, האָבן צוגעטראָגן פארשיידענע ידיעות פון דער שטאָט, אויך וועגן די כסדר דורכגעפירטע שחיטות. כמעט יעדן טאָג אין א געוויסער שעה פלעגן זיי זיך צונויפטרעפן אויפן אָפּגערעדטן אָרט און זיך דורכשמועסן וועגן די נייטיקע ענינים. הערשלס פּויערים האָבן אים גענומען וואָרענען, ער זאָל זיין גוט פּאָרזיכטיק, ווייל אין די נאָענטסטע טעג גרייט מען זיך פון דעם וואַלד־אמט צו רייניקן דעם וואַלד פון די קוסטעס. דעמאָלט קומען מחנות פויערים און שניידן דורך די לענג און די ברייט פון וואַלד. די ארבעט קען געדויערן עטלעכע וואָכן. ביי דריי וואָכן צייט האָבן הערשקעס יידן געמוזט ארומוואַנדערן פון איין אָרט צום צווייטן. יעדע נאַכט פלעגן זיי צוריקקומען שלאָפן אין זייער בונקער, כדי פאַרטאָג ווידער א מאָל צו פארגיין א 5—6 ק״מ ווייטער אין א גאַנץ אנדערן טייל פון דעם וואַלד.

איינמאָל האָבן די וואַלד־יידן ביים צוריקקומען אָנגעטראָפן זייער בונקער אָן אויפגעדעקטן, צעראַבירטן און חרובֿ. ווי זיי האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט פון זייערע נאָענטע פויערים, וואָס זיינען געשטאַנען מיט זיי אין קאָנטאַקט, האָבן דאָס די מענטשן ביי דער וואַלד־ארבעט אנטדעקט דעם יידישן באַהעלטעניש. ווי די פויערים האָבן דערציילט, זיינען די וואַלד־ארבעטער באַלד געלאָפן קיין סקאַלאַט מיט א מסירה צו שופּאָ. די זיינען טאַקע באַלד אראָפּגעקומען אין א גרויסער צאָל, האָבן מיטגעבראַכט אויך שפּיר־הינט, צום גליק האָבן זיי אָבער קיינעם פון די יידן ניט געטראָפן. זיי האָבן צוגענומען אַלץ, וואָס איז געווען אין בונקער, אויך אריינ־געוואָרפן אהין א גראַנאַט און דעמאָלירט דעם באַהעלטעניש, דאַן האָבן זיי סתם אין וואַלד אריין אָפּגעפייערט א פּאָר צענדליק שאָסן, און גיך אָפּגעפאָרן. — זינט דאַן איז אין דער גאַנצער סביבה באַקאַנט געוואָרן, אז יידן באַהאַלטן זיך אין די וועלדער און אַלע גנבות זאָלן טאַקע שטאַמען פון זיי. עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו שאַפן לעגענדעס וועגן יידישע גזלנים אין די וועלדער. מען האָט זיך דער־

ציילט וועגן הערשקען און זיין „זשידאָווסקע באנדע“, אז די צאָל גייט אין די הונדערטער, א חייל א גאנץ, באוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס, אז הערשקע שטייט אין דער שפּיץ, — דאָס איז ניט קיין חכמות! . ., און די מורא האָט זיך אלץ מער פארשפּרייט אין דער אומגעגנט און אויפגעוואקסן צו א פּאנישן פּסיכאָז. ביינאכט פלעגן די פּויערים אויפשטעלן וואכן, וואָס זיינען געגאנגען גראָמאדעווייז צו 10 מאן און געהיט די דערפער. ווען די פּויערים פלעגן אין וואלד האקן האָלץ אָדער קלייבן שוועמלעך, און זיי פלעגן צופעליק באגעגענען א ייד, זיינען זיי אויס גרויס פּחד אנטלאָפן, געדראנקט און געלויבט גאָט, וואָס זיי זיינען ארויס לעבעדיק. „אוי, מאטקאָ באָסקאָ!“ — פלעגט מען זיך פרום איבערצלמען, ווען מען האָט זיך נאָר דער־מאָנט אָן דער טרעפעניש. און דער שכן האָט דאָס געהערט און ווייטער דערציילט צו אנדערע פּויערים. אויס פּחד איז שוין קיין פּויער מער אליין ניט געגאנגען אין וואלד אריין. צוליב דער צו גרויסער פּאפּולאריטעט האָבן די יידן אין דעם געזען פאר זיך א סכנה. האָבן זיי אויס פארזיכטיקייט אָנגעהויבן צו וואנדערן פון איין אָרט צום אנדערן, ווי געטאָגט ניט גענעכטיקט. אין פארשיידענע וועלדער האָבן די יידן זיך אויסגעבויט בונקערס. אויך אין די געדיכטע ביימלעך געשטעלט שאלאשן פון צווייגן און זעק. כמעט יעדע וואָך האָבן די יידן געמוזט בייטן זייער אָרט.

אָנהייב יולי 1943, ווען די סאָוועטישע פּארטיזאנער זיינען דורכגעגאנגען די סקאלאטער וועלדער, האָט הערשקע מיט זיין שטאב איבערגעלעבט א טראגע־דיע. זיי וואָלטן זיך אָנגעשלאָסן אָן זיי און געגאנגען קעמפן, נאָר ווי אזוי לאָזט מען איבער די אלטע לייט, די ווייבער און קינדער אויף גאָטס באראָט? ווער וועט זיי שפּייזן? מען האָט זיך געפרייט מיט די פּארטיזאנער, מען האָט זיך פארשיידנס דערציילט און די רויטע קעמפערס האָבן באוואונדערט, ווי אזוי אזא „קראנקן־הויז“ קען אונטער אזעלכע באדינגונגען לעבן אין א וואלד, „האלטס נאָר אויס, עס וועט שוין לאנג ניט געדויערן, וויסוואָבאָדים“ (מירן באפרייען)! — האָבן זיי געטרייסט די יידן און זיך ווייטער געגאנגען זייער וועג.

הערשקע האָט זיך ארומגעזען, אז אזוי קען ווייטער ניט בלייבן. אונטערן רושם פון דעם פּארטיזאנער־באזוך האָט ער זיך איצט געפילט אויפגעמונטערט צו גרעסערע מעשים. הערשקע האָט גענומען שטרעבן צו א טיפערן אינהאלט און העכערן זין אין זיין ארבעט. „מיר זיינען דאָך ניט קיין באנדע גנבים און רויבער — האָט ער דערקלערט פאר זיינע חברים. — מיר זיינען יידן, וואָס ווילן זיך ראטע־

ווען פון מערדער־הענט; מיר מוזן זיך אויך קענען פארטיידיקן אין פאל פון א דייטשן איבערפאל. און מיט וואָס? מיט איין ביקס?.. מיר מוזן קלערן ווענן נע־ווער. און אויב רויבן, וויל איך ניט סתם רויבן. אויף אומשולדיקע פויערים, וואָס קוקן אַליין מיט עקל אויף דעם דייטשן בלוטיקן שפיל און ליידן אויך אויף זייער שטיי־גער, וועל איך ניט אָנפאלן. מיר וועלן זיך נוקם זיין אָן די שונאי ישראל, און דער עיקר אָן די אוקראַינער, וואָס נעמען אָנטייל אין אלע שחיטות. אויך די אלע, וואָס האָבן זיך באַרייכערט פון דעם יידישן אומגליק, דאַרף מען אָנלערנען". נאָך דער באַראַטונג פון הערשקען מיט זיינע חברים איז צווישן זיי באַשלאָסן גע־וואָרן: 1. פארשאפן זיך געווער פאר יעדן פרייז; 2. שוינען אומשולדיקע פויערים, און אפילו זיי אויך העלפן; 3. יעדער אָנפאל, יעדע טאט דאַרף באַצוועקן נקמה, נקמה פון די אלע, וואָס זייערע הענט זיינען ניט ריין פון עם יידישן בלוט. צוליב דעם וואָס דאָס צו אָפט ארומשלעפן זיך איבער די דערפער איז א סכנה האָט מען אויך באַשלאָסן, אז להבא זאָלן די אָנפאלן פארקומען זעלטענער, דערפאר אָבער אין א גרעסערן פארנעם, כדי די פראָדוקטן זאָלן קלעקן אויף א לענגערער צייט הערשקע מיט זיינע מענטשן האָבן אויך נעדארפט פון איצט אָן הייסן פארטיזא־נער, קעמפערס. הערשקע האָט פון איצט אויך גענומען נעבן זיינע פויערים גייע אָנווייזונגען. זיינע איבערגעגעבענע פויערים, די צוטראָגערס, האָבן באמת מוסטער־האפט מיט אים מיטגעארבעט. זיי האָבן אגב צום עסק אויך ניט דערלייגט. —

דעם 25טן יולי 1943, 12 א זייגער ביינאכט, האָבן פון דעם וואלד ארויס־געמאַרשירט 4 פארטיזאַנער: הערשקע מיט דער ביקס, לייבקע מיט א סטראשאק (דראָאונגס־רעוואָלווער), שווארץ און וויינבערג מיט הילצערנע ביקסן, אויף א „סקאָק". אין זעלענער וואלד האָט פון לאנגע יאָרן געארבעט א וואלד־וועכטער, וואָס האָט געהייסן זאבאוטשוק. דאָס איז געווען אן אוקראַינישער נאציאָנאליסט, א פינצטערער טיפ, א שונא ישראל. עס איז געווען באַקאַנט, אז ער האָט אָנטייל גענומען אין די פּאָגראָמען און שחיטות אויף יידן. דערביי איז ער געווען אָנ־געשטאָפּט מיט אָנגערויבטע יידישע פארמעגנס. הערשקע האָט אויך געוווּסט, אז דער זאבאוטשוק פארמאָגט געווער. 1 א זייגער ביינאכט איז די גרופּע אָנגעקומען צו דעם וואלדהויז, ביים סאמען ראנד פון וואלד. וויינבערג און שווארץ זיינען גע־בליבן אויפן הויף שטיין אויף שמירה און הערשקע און לייבקע האָבן זיך אריינגע־ריסן אין דער כאטע. זאבאוטשוק איז דערשראָקן אראָפּגעשפּרונגען פון בעט און

געפרעגט: „ווער איז דאָרט?“. הערשקע האָט אים צוגעלייגט די ראָר פון דער ביקס צו זיין שלייף און אויף רוסיש אים געזאָגט, ער זאָל תיכף ומיד אָפּגעבן דאָס געווער, אַ ניט ווערט ער אויפן אָרט דערשאָסן. די 2 דערוואַקסענע זין פון זאבאווטשוק האָבן פאַר שרעק באַקומען אַ היסטערישן אָנפאַל און געקלאַפּט מיט זייערע קעפּ אָן דער פּאָדלאָגע. דאָס ווייב איז געפאַלן אין חלשות האַלב־טויט אויף דער ערד. ווען זאבאווטשוק איז געקומען צו זיך, האָט ער קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז ער פאַרמאָגט ניט קיין געווער. „מען מעג אים אפילו שיסן, און פון זיך קען ער ניט מאַכן. „עס האָט ניט געהאָלפן קיין דראָאונגען און קיין שלאָגן. דער פויער האָט געוואָלט אַנטלויפן, נאָר זענענדיק די באַוואָפנטע וואַכן אונטערן פענצטער, האָט ער זיך צוריקגעצויגן. חברה האָבן דעם פויער מוראַדיק געשלאָגן, און זאבאווטשוק האָט זיך ביי זיי געבעטן רחמים: „נעמט וואָס איר ווילט, אַבי לאָזט אונדז לעבן!“. בשעת עס איז נאָך אָנגעגאַנגען דאָס אַמפּערניש, איז דעם פויערס ווייב געקומען צו זיך. זי איז באַלד צוגעגאַנגען צום שראַנק, אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ ביקס און מיט ציטערדיקע הענט דערלאַנגט זי די פּאַרטיזאַנער. „נאַט אייך — האָט זי געזאָגט — נעמט אייך אויך אַלץ וואָס איר ווילט, אַבי לאָזט אונדז לעבן!“ נאָך דעם האָבן זיך חברה גענומען צו דער אַרבעט. מיט אַ פעסעלע האָניק, אַ האַלבן חזיר, בראַנפן און מיט נאָך פיל אַנדערע גוטע זאַכן, שווער באַלאָדן אין זעק האָבן זיך די פּאַרטיזאַנער געלאָזט אין וועג אַריין, צוריק אַהיים. „טאָמער וואַגט עמעצער פון אייך צו לאָזן אַ פּאַרע פון מויל וועגן דעם באַזוך ביי אייך, איז אייער לעבן קיין גראָשן ניט ווערט, אויך וועט אייער הויז אויפגיין אין פלאַמען!“ — האָט הערשקע געוואָרנט דעם וואַלד־וועכטערס פאַמיליע פאַרן אַרויסגיין פון דער כאַטע.

דער וואַלד־וועכטער, וואָס האָט הערשקען גוט געקאָנט פון פריער, האָט אויס גרויס פּחד טאַקע קיינעם ניט דערציילט קיין פּרטים פון איבערפאַל. ער האָט נאָר געזאָגט, אַז מען האָט אים באַרויבט. אין 2 וואָכן שפּעטער האָט ער זיך מיט זיין מישפּחה איבערגעצויגן אין אַ מער באַפעלקערטן יישוב, אין דאָרף פּאַיאָווקע. דער אַזוי געלונגענער „סקאָק“ אין גרעסערן פאָרמאַט האָט צוגעגעבן מער מוט דער חברה און זיי האָבן באַקומען אַ חשק צו ווייטערדיקע טאַטן.

אין חודש אויגוסט האָבן זיך די אַרומיקע דערפער באַקלאָגט אויף צוגעגנבעטע קי, חזירים און שפּייז. די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען אין געניטשאַפט, זיכער און פלינק, און דער פּחד צווישן די פויערים איז אַלץ מער געוואַקסן. כמעט

יעדן טאָג זיינען דעלעגאַציעס פֿון דאָרף־פּויערים געקומען אין שטאָט אַריין זיך באַקלאָגן פֿאַר די דייטשן, אַז זיי זאָלן אַ סוף מאַכן צו די יידישע מעשים און צו די פּאַרטיזאַנער וואָס בושעווען אין די וועלדער. די דייטשן, וואָס האָבן נאָך גוט געדענקט דעם אָפּשניט, וואָס זיי האָבן געהאַט פֿון די פּאַרטיזאַנער, האָבן איצט מורא געהאַט פֿאַרן וואַלד אימת מות. זיי פֿלעגן אָפּפּטרן די פּויערים מיט אַן עצה טובה; „גייט אין די וועלדער גראָמאַדעווייז, כאַפּט זיי, ברענגט זיי צופֿירן, און זיי וועלן שוין באַקומען פֿון אונדז דעם אמתן פּסק!“. אַז די פּויערים האָבן געזען, אַז דאָס העלפֿט ניט, האָבן זיי אָנגעהויבן צו שרייבן פּעטיציעס צום קרייז־הויפּטמאַן קיין טאַרנאָפּאָל, אויך צום לאַנדראַט העפּנער קיין סקאַלאַט. לכתחילה האָט מען זיי צוגעזאָגט אַלץ מעגלעכס צו טאָן; עס איז אויך דערפֿון גאָרניט געוואָרן. ווען מען האָט באַדאַרפֿט פֿאַרן מיליטער צושטעלן גרעסערע קוואַנטומס האָלץ פֿון דעם וואַלד האָבן די העקערס בשום אופֿן ניט געוואָלט גיין האַקן. „מיר האָבן מורא“ — האָבן זיי געטענהט. זיי זיינען געגאַנגען אין וואַלד אַריין ערשט ווען מען האָט זיי מיטגעגעבן אַ שטאַרקע שמירה פֿון סאָלדאַטן און אוקראַינישע מיליציאַנטן. —

---

דאָס געטאָ אין סקאַלאַט, ווי אויך דער לאַגער, איז שוין געווען ליקווידירט. די קליינע רעשטלעך אָפּגעראַטעוועטע יידן האָבן זיך עלנטע אַרומגעבלאָנקעט אין די פֿעלדער און אין די וועלדער. אין דער זעלבער צייט האָט זיך אָנגעהויבן צו שאַפֿן יידישע יישובים אין כמעט אַלע וועלדער אַרום סקאַלאַט. דער ערשטער חברה האָט זיך פֿאַרגרעסערט ביז 32 מענטשן, צווישן זיי 8 טאַטקרעפּטיקע. כאָטש עס האָט זיך נישקשה געלעבט, געווען וואָס צום עסן און טרינקען, האָט צווישן די יידן געהערשט אַ געוויסע מורא. אויך דער ערשטע אַליין פֿלעגט ניט איין מאָל אַריינפֿאַלן אין אַ מעלאַנכאָליע. „עס נעמט ניט קיין סוף, און ווי לאַנג נאָך קען מען פֿירן אַזאַ לעבן?“ — פֿלעגן זיך די מענטשן פֿרעגן. די צוטראָגערס האָבן געבראַכט אַלאַר־מירנדיקע ידיעות, אַז די דייטשן קלייבן זיך צו מאַכן אַבלאַוועס אויף די וועלדער. טאָג און נאַכט האָט געעקבערט דער געדאַנק, ווי אַזוי היט מען זיך אויס, כדי ניט אַריינצופֿאַלן אין די מערדער־הענט. דאָס וואַנדער־לעבן האָט געפּלאָגט די עלטערע מענטשן. די פֿרויען און קינדער האָבן שוין קוים נאָכגעשלעפּט די פֿיס. ווי מען האָט נאָר דערפֿילט, אַז עס דראָט אַ געפֿאַר, האָט געמעגט אפֿילו זיך נאָר אויסדאַכטן,

— האָט מען שוין געביטן דאָס אָרט. יעדע פּאָר טעג האָט מען אין אַן אַנדער וואַלד אויפגעשטעלט שאַלאַשן־סוכות, געפלאָכטענע פון צווייגן און הויכע גראָזן.

אַזוי האָבן זיי אַ לענגערע צייט געלעבט, און מען האָט זיך צו דער וואַנדערונג געמוזט צוגעוווינען. ווען עס איז נאָר טונקל געוואָרן, פלעגט זיך די קאָלאָנע ציען אין אַ גענדזן־קייט איבער טאָלן און בערג, איבער פעלדער און וועלדער, מיט די פעקלעך מטלטלים אויף די פּלייצעס. לייבקע איז תמיד געווען דער פירער און וועגווייזער אויף די געדרייטע וועגן און שטעגלעך. אין דער צווישן־צייט זיינען אויסגעפירט געוואָרן פאַרשיידענע אָנפאַלן אויף די דערפער, און תמיד איז געווען געלונגען. שפּייז, קליידער און וועש האָט ניט געפעלט. אין דאָרף קאָקאָזשינצע איז ביי אַן אָנפאַל געלונגען צו קריגן געווער. האָבן שוין די יידן איצט דיספּאָנירט מיט 3 ביקסן, 1 דובעלטוווקע (יאַגד־ביקס) און 1 פּיסטאָלעט. חברה האָבן שוין איצט גענומען טרוימען פון אַ מאַשין־געווער. הערשקע האָט איינגעפירט אַ מיליטערישע דיסציפּלין. יעדער איינער האָט באַקומען זיינע באַזונדערע אויפגאַבן. ריינקייט און אָרדענונג איז געשטאַנען אויפן ערשטן אָרט. די פאַרפלעגונג איז טאַקע געווען ניט קיין נאָרמאַלע, אָבער אַ גענוג קרעפטיקע, 9 מאַן זיינען געווען די קעמפּערס, דער רעשט, דער אַזוי גערופענער שפּיטאָל, האָט געהאַט זיינע ספּעציעלע אַרבעטן, ווי די קיך, וואַשן וועש, וואַסער־פאַרזאָרגונג, שמירה, ברענגען טרוקן האָלץ אא״וו. ווען די פּויערים פלעגן ברענגען גוטע ידיעות פון ראַדיאָ: „די דייטשן כאַפּן קלעפּ“, — האָט זיך דער עולם געפרייט און געשלונגען יעדעס וואָרט. איינמאָל רופט זיך אָן הערשקע צו זיין חברה: „פאַרוואָס זאָלן מיר טאַקע גיט קלערן וועגן אַן אייגענעם ראַדיאָ און שוין קענען אַליין וויסן ווען עס קומט די ישועה?“ גערעדט און געטאָן. אַקעגן אָנהייב סעפּטעמבער האָט הערשקע מיט זיינע מענטשן אָפּגעטאָן אַ שטיקל אַרבעט אין דאָרף אָסטאַפּיע, ביים אוקראַיִנישן גלח, דעם שונא ישראל. אַ חוץ פיל ניצלעכע זאַכן האָבן זיי פון דאָרטן געבראַכט אויך אַ 4־לאָמפּיקן ראַדיאָאַפּאַראַט. הערשקע האָט אינסטאַלירט דעם ראַדיאָ, און יעדער האָט געהערט נייעס פון דער וועלט, און דער עיקר קאָמוניקאַטן פון די פראָגטן. ליידער האָט די שמחה ניט לאַנג געדויערט. נאָך 14 טעג האָבן זיך אויסגעלאָדן די אַקומולאַטאָרן און באַטערייעס. אַנדערע איז שווער געווען צו באַקומען.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך הערשקעס באַנדע פאַרגרעסערט ביז 38 מאַן. פון די צוריקגעקערטע רעשטלעך פון אַ פּאַרטיזאַנער־אַרמיי האָבן זיך צו

הערשקען אָנגעשלאָסן 6 יידישע פּאַרטיזאַנער, צווישן זיי: גוז ירוחם, גורזשאַנסקי סיאָמאַ, וואַקס וועלוול, קליינמאַן דוד (די אַלע האָבן געשטאַמט פון וואָלין). פאַר־מאַנגדיק אַזאַ צוגעקומענעם כוח האָט זיך הערשקעס קאָמאַנדע איצט געפילט פיל שטאַרקער. מען האָט שוין אויך גענומען אָנווענדן אַ גאָר אַנדער טאַקטיק ביי די איבערפאַלן.

אין חודש סעפּטעמבער האָבן זיי אויך אויסגעפירט אַ געוואַגט שטיקל אַר־בעט אין פאָלוואַרק פון דאָרף טוראָווקע. דאָרטן איז געווען אַ דייטשער פאַרוואַל־טער, יאָהאַן, וואָס האָט גערזאָלט האָבן געווער. אין דעם אָנפאַל האָבן אַנטייל גע־נומען די גאַנצע קאָמאַנדע. עמעצער פון די אַרבעטערס אין פאָלוואַרק האָט די לעצטע מינוט מודיע געווען, אַז פּאַרטיזאַנער דערנענטערן זיך, זיינען די אוקראַי־נישע מיליציאַנטן און דער דייטש אויס פחד אַנטלאָפן. דאָס איז געווען 9 אַ זייגער אין אָוונט. די יידן האָבן קודם כל אַרומגערינגלט דעם פאָלוואַרק, איבערגעריסן די טעלעפאָן־דראָטן, דערנאָך האָבן זיי זיך אָנגעהויבן פּאָרען ביי דער ווירטשאַפט, גלייך זיי וואָלטן דאָ געווען די אמתע באַלעבאַטים. די פאַראָבקעס און פאָרנאַלעס האָבן געציטערט פאַר זיי און אויסגעפירט אַלע באַפעלן, וואָס זיינען מיט קוראַזש געגעבן געוואָרן אין דער רוסישער שפּראַך. די פּוילישע קעכינס און די גוווערנאַנטין האָבן דערווייל אָנגעגרייט אַ גרויסע סעודה פאַר די „חשובע געסט". ביי געדעקטע טישן האָבן חברה פאַרטיזאַנער זיך משמח געווען. אַ זייגער 12 ביי דער נאַכט האָבן זיי געהייסן איינשפּאַנען פערד און וואָגן, אויף וועלכער מען האָט באַלד אויפגעלאָדן: 1 זאַק צוקער, 1 חזיר, 1 קאַסטן אייער, פּוטער, קעז, גרויפּן אאַ"וו. אויך האָט מען אויסגעקליבן די שענסטע קו און זי אָנגעבונדן צום שווערן וואָגן. הערשקע האָט אויסגעשריען: „סטראַאיטסיאַ!" און די גאַנצע גרופּע האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דורכפאָרנדיק דעם דאָרף האָבן אַנדערע פּויערים אַקעגנ־געטראָגן ברויטן און פלעשער בראָנפן. זיי האָבן געדאַנקט און געלויבט גאָט, וואָס דאָס דאָרף האָט ניט געליטן. ערשט 2 טעג שפּעטער זיינען צוריקגעקומען די אוק־ראַינישע מיליציאַנטן און דער דייטש. עס זיינען אויך צוריקגעקומען די פערד פון וואַלד, וואָס די יידן האָבן פריינגעלאָזן. הערשקע האָט איינגעזען, אַז ביי זייער וואַנ־דערן איז דאָס אָפּגעבן זיך מיט פערד אַ גרויסער שטער. ווען די שרעק איז ביי די פּויערים אַ ביסל אַריבער האָבן זיי זיך דערמאָנט, אַז איייניקע פון די פּאַרטיזאַנער האָבן אויסגעזען ווי יידן, הייסט עס, איז גיט אַנדערש דאָס איז געווען הערשקע

מיט זיין „זשידאָווסקע באַנדע"! איבערטריבענע ידיעות וועגן דעם געשעענעם האָבן זיך בליץ שנעל פאַרשפּרייט איבער אַלע אַרומיקע דערפער. די פּויערים האָבן פאַרשטאַרקט זייערע וואַכן אין די נעכט.

אין אַ וואָך שפּעטער איז דאָס דאָרף סאַדזאַוויקע געווען דער טאָג־געשפּרעך פון אַ פרישער סענסאַציע. הערשקע איז געוויר געוואָרן, אַז אין דעם אוקראַיינישן קאָאָפּעראַטיוו געפינען זיך פיל סחורות, און דער עיקר שוכוואַרג. עס גייט צו ווינטער און מען טאָר ניט בלייבן באָרוועס. דעם צווייטן אָקטאָבער 1943, 9 אַ זייגער אין אָוונט האָט הערשל מיט זיין חברה געמאַכט אַ באַזוך ביים סאַדזאַווקער וואָיט. אונטער דראָאונגען האָבן זיי אים געצוואונגען איבערצוגעבן זיי דעם שליסל פון דער קאָאָפּעראַטיוו־קאַסע. דער וואָיט אַליין האָט מיט ציטערנדיקע הענט אַרויסגעגעבן דאָס גאַנצע געלט פון דער קאַסע אין דער הייך פון 10,000 זלאָטעס. ער האָט אויך געמוזט די פּאַרטיזאַנער פאַרזאָרגן מיט פורלעך און העלפן ביים אויפלאָדן די קאַסטנס אייער, זעקלעך צוקער, בינטלעך שיך און קעסטלעך מאָנאָפּאָל־בראַנפן. די אַלע סחורות האָבן די דייטשן געהאַט באַשטימט אַלס פּרעמיעס פאַר די פּויערים, וואָס האָבן פּינקטלעך אָפּגעליפערט דעם קאָנטינגענט תבואות. ווען די אַלע זאַכן זיינען שוין געווען אויפגעלאָדן, האָט הערשקע געגעבן אַ קאָמאַנדע צום אָפּמאַרשירן. אויף איינער פון די פורן, האָט ער אַרויפגענומען דעם וואָיט אַליין און דאָס גאַנצע דאָרף האָט צוגעזען, ווי די פּאַרטיזאַנער מיטן וואָיט פאָרן זיך אומגעשטערט זייער וועג. כאָטש עס האָבן אַנדערע פּויערים פאַרמאָגט געווער, האָט קיינער פון זיי ניט געהאַט דעם מוט זיך אַקעגנצושטעלן. דער פּחד פאַר די פּאַרטיזאַנער איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן פאַרלוירן די קעפּ. ביי אַזוינע אימפּרעזעס פלעגט געוויינטלעך די ערשטע אַנטלויפן די אוקראַיינישע מיליץ און דאָס דאָרף פלעגט בלייבן הפקר. ביי אַזעלכע פאַלן פלעגן אויך די דייטשן אַרויסווייזן פּחדנות. „די צאָל פון יידישע פּאַרטיזאַנער גייט אין די טויזנטער"—האָט זיך צווישן די דערפער געוועבט די לעגענדע. אויפן וועג האָבן די פּאַרטיזאַנער מכבד געווען דעם וואָיט מיט בראַנפן און פאַרבייסעכץ, אַ באַלוינונג פאַר זיין גוטער אויפפירונג. אַ פּאָר ק"מ ווייטער האָט מען דעם וואָיט אַראָפּגעוואָרפן פון וואָגן אַ טויט שיכורן. דאָס גאַנצע דאָרף האָט געוואַרט מיט דעם געשעעניש און באַדויערט דעם וואָיט, וואָס איז געווען דאָ דער מאַרטירער. פאַרטאָג איז צוריקגעקומען דער וואָיט אַ בגילופינדיקער און ניט געוווּסט פון וואָס צו דערציילן. די דייטשן האָבן דערנאָך געשלעפּט דעם וואָיט אויף גבית עדות און פּראָטאָקאָלן און זיי האָבן אים נאָך דערביי איינגעטיילט די גוטע

קלעפּ, פאַר זיין לייכטזיניקייט און פּחדנות. „אַז אוגדזערע מיליציאָנערן מיט די ביקסן זייגען אנטלאָפן, וואָס זשע האָט אזא ווי איך געזאָלט טאָן!?“ — האָט ער זיך פאַרענטפערט.

די דערפער פון דער סביבה האָבן געהאַלטן אין איין שטורעמען די דייטשע מאכט־אָרגאנען, אז זיי זאָלן שוין ענדלעך אמאָל זיך נעמען קעגן די פּארטיזאנער־איבערפאלן. אין די ערשטע טעג פון אָקטאָבער האָט א גאנצער באטאליאָן ס"ס־מענער, אוקראינישע מיליץ, ביי דער מיטהילף אויך פון עטלעכע הונדערט פּויערים, דורכגעפירט א גאנצע ריי אָבלאַוועס אין די ארומיקע וועלדער. ביי אָט די אָפּע־ראציעס זיינען לײדער אריינגעפאלן א שפּאָר ביסל יידן אין די מערדערישע הענט. די אומגליקלעכע האָבן ניט געהאט די באדינגונגען, וואָס הערשקע מיט זיין חברה. הונגעריקע און צעבראָכענע, אָן געלט און אָן מלבושים, און דער עיקר אָן געווער. בלויז אין אָסטאַפּיער וואלד האָט מען דאמאָלט געכאפּט 12 יידן, צווישן זיי קינדער און פרויען. הערשקע מיט דער באנדע האָבן זיך ניט געלאָזט כאפּן. דער שפּיאָנען־דינסט פון הערשקען האָט אים יעדן טאָג געבראכט וויכטיקע ידיעות בשייכות מיט דער אָבלאַווע. און ער האָט זיך מיט זיינע מענטשן יעדעסמאָל געפונען אויף אן אנדערן אָרט, ווייטער מיט א 15—20 ק"מ פון דער סכנה.

אין דער זעלבער צייט האָבן אין די וועלדער געבושעוועט נאָך פיל פאַר־שיידענע באנדעס. אנדערע פון זיי האָבן געטראָגן א פּאָליטישן כאראקטער, ווי די באנדעראָוויצעס, בולבאָוויצעס, אנדערע—סתם מיט רויבערישע צוועקן. אין סקאלא־טער קרייז האָט געהערשט ממש א מאסן־פּסיכאָז פאר רויב און גזלה. די שטאָטישע און דאָרפישע באפעלקערונג איז געווען דעמאָראליזירט, דערשראָקן און אומבא־האָלפן. דאָס אלץ האָט ארונטערגעריסן די אויטאָריטעט פון דער דייטשער מאכט, וואָס האָט ניט געקענט באהערשן די לאגע. דאָס האָט אויך דעם אָקופּאנט געשטערט ביים צוגויפנעמען די קאָנטינגענטן פון דער דאָרפישער באפעלקערונג. די אומזיכער־קייט און דער פּחד איז געווען אזוי גרוים, אז עס האָט קיינער ניט געוואגט צו קומען נאָענט צום וואלד. אז עס פלעגן אמאָל דייטשן מוזן דורכפאָרן דעם וואלד, האָבן זיי ארום זיך געעפנט א פייער, אויף אָפּצושרעקן די וואלד־באוווינער, און אליין זיינען זיי שנעל דורכגעפאָרן, ווי זיי וואָלטן געלאָפן פון דער גרעסטער סכנה. די

אָבלאָוועס און דער אַלגעמיינער מצב האָט ביי הערשקען פאַרשטאַרקט דעם ווילן צו שאַפן פאַר יעדן פּרייז מער געווער. דערווייל האָט אים די האַנט אויך געקיצלט צו ווייטערדיקע מעשים. סוף אָקטאָבער 1943 איז הערשקע מיט זיינע מענטשן אָנגע־פאַלן אויפן אוקראַינישן קאָאָפּעראַטיוו „מאַסלאָ־סאָיוז“ אין דאָרף אָקנע און אַרויסגעפירט 150 ק״ג פוטער און אַנדערע שפּייזן. ער האָט דאָרט אויך דעמאָלירט די לאָקאַלן, גענומען פערד און וואָגן, מיטגענומען א פויער און אויפן וועג אים אָנגעשיכורט און דערנאָך צוריקגעשיקט. די פערד זיינען דערנאָך אַליין צוריקגע־קומען. די יידן האָבן אַריינבאַקומען פרישע 2 פּיסטאָלעטן. —

עס האָט זיך דערנענטערט דער האַרבסט; ווינטן און רעגנס האָבן פאַר־טריבט די געמיטער. די זאָרגן און טרויעריקייט פון לעבן האָט געעקבערט דעם גע־דאַנק: וואָס פאַרא תכלית האָט אזא לעבן?! ווי נימאס איז יעדן געווען די גרויסע אַוואַנטורע. עס האָט זיך געבענקט נאָך א היים, נאָך רו, נאָך נאָרמאַלן לעבן.

מען איז געווען באַשעפטיקט מיט הכנות צום ווינטער. אין די וועלדער זיי־נען אויפגעבויט געוואָרן בונקערס, טיפע, ברייטע, געראַמיקע. מען האָט אויך אויפ־געשטעלט ספּעציעלע מאַגאַזינען פאַר שפּייז און מלבושים. ווינטער האָט מען גע־האַט בדעה צו מאַכן א לענגערע הפסקה. דערווייל איז דאָך דאָ פון וואָס צו לעבן, און די סכנה איז גרויס, — איז גענוג. אפשר וועט שוין די גיכע מפּלה פון היטלערן א סוף מאַכן צו דעם אויפגעצווונגענעם און הינטישן לעבן. פון די פראָנטן קומען גוטע בשורות. די פויערים זאָגן, אז די הילף איז נאָענט, בלויז אין טעג גייט שוין.

אין א געוויסן האַרבסטיקן טאָג זיינען געקומען הערשקעס צוטראָגערס (מיינסטנס פּאָליאַקן, געשטימט אַנטי־אוקראַיניש) און דערציילט, אז פון דאָרף אַסטאַפּיע גרייט מען זיך צו פאָרן קיין סקאַלאַט נאָך א גרויסן קוואַנטום צוקער, וואָס איז באַשטימט פאַר די האַניק־ציכטלערס, ווי שפּייז אויף ווינטער פאַר בינען. פון אזא שטיקל אַרבעט האָט הערשקע זיך שוין ניט געקענט צוריקהאַלטן און צו־זאַמען מיט די פּאָליאַקן אויסגעאַרבעט א פּלאַן צום אויספירן א נייעם „סקאָק“. אָנהייב חודש נאָוועמבער 1943 אַרום 8 א זייגער אין אָוונט האָט געבראַכט א פויער צו פירן 8 זעקלעך צוקער. ער האָט אָנגעהויבן אויסצושפּאַנען די פערד און אָפּצולאָדן דעם צוקער. פּלוצלונג איז אויסגעוואַקסן הערשקע, מיט אים 8 באַגלייַ־טערס. זיי האָבן אַרומגעשטעלט די כאַטע. דעם פויער האָט מען געהייסן צוריק איינשפּאַנען די פערד און צוריקטראָגן דעם צוקער. פון דער כאַטע האָט מען

ארויסגעטראָגן די סקריניע (קאסטן) פול מיט זאכן, זי אויפגעלאָדן אויפן וואָגן. און ווען מען האָט געהייסן דעם פויער מיטפאָרן, האָט ער זיך אקעגנגעשטעלט. דעם צוקער, האָט ער געטענהט, מעגן זיי נעמען, אָבער די פערד וויל ער ניט געבן, חברה האָבן אויסגעשאָסן אין דער לופטן, און דער פויער, נאָך דעם ווי מען האָט אים נאָך מכבד געווען, האָט געמוזט מיטפאָרן. אויך דאָסמאָל איז די אוקראַיִנישע פּאָליציי אנטלאָפן אין גרויס פאניק, איבערלאָזנדיק דאָס דאָרף אויף גאָטס באראָט. די אָנ־פאלערס זיינען דורכגעפאָרן דאָס דאָרף און קיינער האָט גיט געוואגט צו זאָגן א וואָרט. דעם פויער האָבן זיי צוריקגעלאָזט, אָבער די פערד ניט. דעם וואָגן האָבן זיי צענומען, כדי פון זיינע טיילן צו מאכן געשעגקען פאר די פויערים־צוטראָגערס. איינמאָל מיטאָג־צייט זיינען די מענטשן געזעסן צווישן די צווייגן ביי זייער מאָל־צייט. די פערד האָבן זיך דערביי געפּאשעט. פּלוצלונג דערהערט מען א גערויש. קולות האָבן זיך אלץ מער דערנענטערט. ווי דערשראָקן די מענטשן זייגען געוואָרן, דערזעענדיק דורך די צווייגן, ווי עס קומט אָן א גאנצער עולם. דאָס איז געווען דער פויער פון דעם צוקער, דער וואָיט פון אָסטאפּיע, צוזאמען מיט פיל באוואָפנטע דייטשן און אוקראַינער. הערשקע האָט זיך ניט פארלוירן און האָט גענומען באַ־פוילן אויף שטום־לשון. פּלוצלונג הערט מען ווי דער פויער רופט זיך אָן: „איך פיל עפּעס, אז מיינע פערד געפינען זיך ערגעץ ניט ווייט!“ דאָ איז ערשט געוואָרן גרויס די סכנה, אז די פערד, דערשפּירנדיק זייער באלעבאָס, זאָלן ניט אָנהויבן צו הירזשען!... הערשקע איז אָבער געווען גרייט אויף קאמף, ער האָט גאָר איינ־געזען, אז צוליב דעם סטראטעגיש ניט גינסטיקן אָרט, וווּ זיי געפינען זיך, איז ניט געוווּנטשן צו זיין דער אָנגרייפער; דאס וואָלט געבראכט טרויעריקע פאָלגן. מען האָט אָפּגעווארט. — און עס איז ממש געשען א נס: די שונאים האָבן די יידן ניט באמערקט. זיי האָבן זיך געלאָזט טיפער אין וואלד אריין, כדי צו זוכן די פערד, און די יידן מיט די פערד זיינען געבליבן רואיק אויף זייערע ערטער. די גאנצע זאך האָט אויסגעזען פאר די מענטשן אין וואלד ווי אן אומגלויבלעכע לעגענדע, וואָס האָט אזוי מילד אריינגעשמייכלט אין זייער פינצטערן לעבן. הערשקעס „שפּיטאָל“, מיט זיינע ווייבער, אלטע טאטעס און מאמעס, און קינדער האָבן פרייער אָפּגע־אָטעמט; זיי האָבן אויפגעהויבן די אויגן צום הימל—גאָט צו דאנקען!

דאָס אָרט אין וואלד האָט מען שוין אָבער געמוזט בייטן. הערשקע האָט אָנ־געשריבן אויף א שטיקל פּאפּיר די ווערטער: „א נארישער פויער האָט מער מזל ווי

פארשטאנד“, אונטערגעשריבן: „פּאליוואָ“, עס אָנגעמשעפּעט אָן דעם עק פון א פערד, און זיי געלאָזט, די פערד, פריי גיין צו זייער באלעבאָס.

צו די וואנדערונגען פון הערשקעס באנדע האָט ניט געקומען קיין סוף, און די פויערים פלעגן אלץ שפּיאָנירן, כדי זיך אָפּצורעכענען מיט די יידן פאר זייערע אָנפאלן. עס איז שוין ווינטער. די שנייען האָבן שוין ווייס אויסגעקאלכט די ווייטע פעלדער און טיפע וועלדער. מענטשלעכע טריט האָבן אויסגעדריקט שפּורן פון דורכגעגאנגענע פיס אויף אלע שליאכן. צו די פארבאָרגענע ערטער, וווּ יידן האָבן זיך באהאלטן, זיינען עס איצט די שנייענדיקע שפּורן געוואָרן די וועגווייזערס.

אין א פארנאכט דעם 31טן דעצעמבער 1943, האָבן זיך פויערים, אונטערן אָנפיר פון באנדעראָווצעס, געלאָזט אין טורקאָווער וואלד, כדי צו אויסגעפינען דאָרט די יידן און זיי ליקווידירן. „זיי זיינען צוגעקומען צו אונדז אפשר נאָר 100 מעטער פון אונדזער פלאץ — דערציילט ירוחם גוז, דער געוועזענער פארטיזאן אין הערשקעס באנדע—מיר זיינען באלד געווען אין גרייטשאפט מיטן געווער אין די הענט און געוואַרט אויף באפעלן פון אונדזער אָנפירער. די פויערים האָבן אויף אונדז געעפנט א פייער פון צוויי זייטן. זיי האָבן צו אונדז אָפּגעגעבן מער ווי 100 שאָסן, און דער שלאכט-געטומל איז געווען גרויס, גלייך זיי גרייטן זיך צום שטורעם אויף אונדז. מיר האָבן געהאט אָנגענומען פּאָזיציעס צום קאמף און אָפּוועך, אָפּ-געוואַרט אויף א ציל-און שיס-מעגלעכקייט, לויט דעם פרימיטיוון סטראטעגישן כלל, אז דער סאָלדאט שיסט ניט סתם אין דער וועלט אריין. מיר זיינען געלעגן אויף דער ערד מיט האלב אויפגעהויבענע קעפּ, דער פינגער אויפן צינגל האָט נערוועז געציטערט און דאָס אויג האָט שארף געקוקט פאר זיך. און מיר האָבן געוואַרט . . . מיר זיינען געווען ארומגערינגלט. מיר האָבן געזען, ווי עס פאלן ארום אונדז די קוילן. מיר האָבן באלד אָנגעהויבן צוריקצושיסן. מיר האָבן געהערט נאָענטע קולות. מיר האָבן געוואָרפן גראנאטן פאר זיך . . . פלוצלונג האָט זיך איינגעשטילט די שיסעריי . . . הערשקע האָט א קאָמאנדאָ געטאָן „וופּעריאָד!“ מיר האָבן אויף אלע פיר זיך געשלענגלט פאָרויס, ווידער שטיל, מיט פארכאפּטן אָטעם אָפּגעוואַרט . . . באלד האָבן מיר געהערט אנטלויפנדיקע שריט . . . מיר זיינען געלאָפן פאָרויס . . . אונדזער „ארמיי“ האָט דעמאָלט געציילט 12 מאן. דער רעשט

„קעמפּפערס“ פון דעם אזוי גערופענעם שפּיטאָל זיינען געלעגן אין די בונקערס און תפילה געטאָן. ליידער זיינען דעמאָלט אריינגעפאלן דריי עלטערע יידן אין די מערדערישע הענט אריין. דאָס איז געווען דערפאר, ווייל זיי האָבן ניט געקענט לויפן“.

דעם אנדערן טאָג, ווען הערשקע מיט א קליינער גרופּע זיינען צוריקגעקומען צו די בונקערס, האָבן זיי אָנגעטראָפן א גרופּע פּויערים ביים רויבן. איינעם פון די האָבן זיי געשאָסן. הערשקע מיט דער חברה האָבן זיך איצט אויפגעהאלטן אין אָקנער וואלד, וווּ זיי האָבן געהאט פון פריער אָנגעגרייטע בונקערס. אין א געוויסן טאָג האָבן פּוילישע פּארטיזאנער גענומען א מאשין־געווער. חברה האָבן זיך דערמיט זייער געפרייט. דעם מאשין־געווער האָט הערשקע אויסגערעמאָנטירט און אויסגעפּוצט, באשמירט מיט באנדן קוילן. „איצט מעג שוין צו מיר קומען א גאנצער פּאָלק ס“ס, איך פייף אויף זיי“ — האָט הערשקע פון פרייד אויסגערופן.

הערשקע און זיין חברה האָט נאָך פאר זיך געזען נאָך א וויכטיק שטיקל ארבעט צו דערלעדיקן. אין סקאלאט האָט זיך טרויעריק בארימט געמאכט א געוויסער קאָלצון, וועלכער האָט אליין אויף זיין געוויסן געהאט איבער 400 יידישע לעבנס. הערשקע האָט אים געוואָלט אָפּרוימען פון דער וועלט און געשיקט יעדן טאָג שפּיאָנען. איין מאָל איז ער אפילו אוועק אליין, פארמאסקירט אלס בעטלער, כדי אים צו געפינען. דאָס איז אים ניט געלונגען. יענער מערדער האָט דערפילט, אז ער ווערט געזוכט האָט ער זיך אויסבאהאלטן אין פארשיידענע דערפער, און שפּעטער איז ער מיט די אלע אנדערע אוקראינער פּאָגראָמשטשיקעס אנטלאָפן טיפער קיין דייטשלאנד און זיך באזעצט אין אמעריקאנער זאָנע אלס פארשלעפּטער ד. פּ.

אויף די פראָנטן איז די דייטשן געגאנגען מיט דער פּוטער אראָפּ. קיעוו, בערדיטשעוו, פּראָסקוראָוו, קאמעניעץ־פּאָדאָלסק האָבן זיך שוין געפונען אין סאָוועטישע הענט. די דייטשן און אוקראינער זיינען ארומגעגאנגען אָן קעפּ. זיי האָבן שוין ניט געקלערט וועגן יידן, נאָר ווי אזוי אנטלויפט מען. אין וואלד האָט געהערשט א שימחה, אָט־אָט קומט די הילף, און יאָסעלע בירנבוים, דער געוועזענער בעל־עגלה, א קרומער, א קראנקער, אָבער א גרויסער וויצלער, האָט זיך איצט גאנצע טעג געלערנט אויף אויסגעווייניק א רעדע לכבוד דער רויטער ארמיי, ווען זיי וועלן אריינקומען.

עס איז שוין פעברואר 1944. אין וואלד הערט מען שוין דייטלעך

דאָס שיסן פֿון הארמאטן און דעטאָנאציעס פֿון באָמבעס, וואָס שטאמען פֿון די וואָס דערגענטערן זיך. אין די הערצער פֿון די וואלד־יידן האָט אויפֿגעוואכט די בענקעניש נאָך פֿרייהייט און צום אמאָליקן רואיקן לעבן. ביז עס איז געקומען דער טאָג פֿון 23טן מערץ 1944, ווען די סאָוועטן האָבן נאָך א שווערן קאמף איינגענומען סקאלאט. די וואלד־יידן האָבן איבערגעלעבט דעם דייטשן רעזשים. אלע לעבן־געבליבענע 33 מענטשן האָבן זיך צוריקגעקערט צו זייערע צעשטערטע היימען. זיי האָבן קיינעם פֿון זייערע מישפּחות ניט געטראָפֿן. א טייל זיינען געגאנגען אין מיליטער, כדי ווייטער צו קעמפֿן מיטן שונא. די אנדערע האָבן זיך אומגעקערט צו זייערע טאָג־טעגלעכע ארבעטן. די יידישע באנדע האָט זיך ליקווידירט; קיינער פֿון זיי איז ניט פֿארבליבן קיין באנדיט. יעדער איינער פֿון זיי האָט זיך נאָר געחידושט, פֿון וואנען האָט זיך גענומען ביי אים אזוי פֿיל כוח און מוט דורכצומאכן אזא גרויסע אוואנטורע.

הערשקע מיט זיין באנדע האָבן אין יענער געגנט נאָך זיך איבערגעלאָזט א לעגענדע. מען דערציילט זיך דאָרט נאָך מעשהלעך אין די פֿארשיידנסטע ווער־סיעס. די פּויערים פֿון סקאלאטער אומגעגנט ריידן נאָך היינט ניט ווייניק וועגן די יידישע באנדיטן, וואָס האָבן געהאט א חוצפּה צו וועלן לעבן, און עס ווילט זיך זיי אין דעם ניט גלייבן.—



צוזאמענפאַר פון די סקאַלאַטער שרידים אין פירט, בייערן, דעם 9טן אויגוסט 1947.



אויסגעגראָבענע קרבנות פון די סקאלאטער מאסן־קברים דורך א סאוועטישער מעדיצינישער־געריכטלעכער קאָמיסיע אין מאי 1944

## קרבנות און שרידים

| | | |
|---|---|---|
| יידישע באפעלקערונג פון סקאלאט גופא אין יאָר 1941 | 4600 | |
| צונויפגעטריבענע פון די ארומיקע מקומות אין יאָר 1942 | 3900 | 8500 |

די קרבנות פון די פּאָגראָמען, אקציעס און אויסזידלונגען:

| | |
|---|---|
| 1. ערשטער פּאָגראָם (י״א תמוז תש״א — 6.7.41) | 560 |
| 2. לעבעדיקער קאָנטינגענט (י״ז—י״ח אלול תש״ב — 30—31.8.42) | 560 |
| 3. ווילדע אקציע (י׳—י״א השון תש״ג — 21—22.10.42) | 3153 |
| 4. קליינע אקציע (כ״ט השון תש״ג — 9.11.42) | 1100 |
| 5. וויינענדיקע קברים (ב׳ ניסן תש״ג — 7.4.43) | 760 |
| 6. שבועותדיקע אקציע (ו׳ סיון תש״ג — 9.6.43) | 660 |
| 7. פון דעם לאגער־הויף (ו׳ סיון תש״ג — 9.6.43) | 50 |
| 8. ערשטע לאגער־אקציע (כ״ז סיון תש״ג — 30.6.43) | 200 |
| 9. צווייטע לאגער־אקציע (כ״ה תמוז תש״ג — 28.7.43) | 130 |
| 10. אין די פארשיידענע וועלדער ........................ | 144 |
| 11. ביי פויערים ........................................ | 43 |
| 12. פארשיידענע אנדערע שהיתות ........................ | 47 |
| 13. צאָל פון סקאלאטער יידן וואָס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אין אנדערע לאגערן ........................................ | 900 |

| | | |
|---|---|---|
| צוזאמען ........ | | 8307 |
| לעבנגעבליבענע יידן פון סקאלאט ........................ | 160 | |
| לעבנגעבליבענע פון הערשקעס באנדע (מיינסטנס פון נזשימאלאָוו) ........................ | 33 | 193 |
| | | 8500 |

לויט ניט גאָר זיכערע מקורות האָט זיך פֿון שכנותדיקן שטעטל גזשימאלאָוו אָפּגעראַטעוועט 60 יידן (אין 1941 דאָרט 2200 יידן), און ערך די זעלבע צאָל אויך פֿון פּאָדוואָלאָטשיסק.

פֿון די איבער 8000 קרבנות אין סקאלאט ליגן ביי 3000 אויפֿן בית־עלמין, אין די מאסן־קברים און אויף די פֿעלדער ארום סקאלאט. דער רעשט איז פֿאר־ברענט געוואָרן אין באקאנטן פֿארניכטונגס־לאגער בעלזשעץ.

## יידן אין זייער לעצטן געראנגל

(אין די וועלדער ארום סקאלאט)

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1. אָסטראָ־מאָגילער וואלד | 32, | לעבן געבליבן | 29 |
| 2. כמיעליסקער „ | 52, | „ | 6 |
| 3. אָקנער „ | 38, | „ | 33 |
| (הערשקעס באנדע) | | | |
| 4. מאליניק „ | 40, | „ | 11 |
| 5. האָרעס „ | 78, | „ | 50 |
| 6. קרענצילאָווער „ | 14, | „ | 11 |
| 7. ביי פֿארשיידענע | | | |
| פּויערים „ | 90, | „ | 46 |
| 8. סקאלאטער אין | | | |
| פּארטיזאנקע „ | 36, | „ | 7 |

סך הכל 380 לעבן געבליבן 193

נאָך דער באפֿרייאונג איז א טייל פֿון די לעבנגעבליבענע יידן גענומען גע־וואָרן צום מיליטער. מאנכע זיינען נאָך געווען קראנק. עס קומט אויף אין סקאלאט א יידישע קהילה. פֿאראן פֿאררעגיסטרירטע 79 נפֿשות. פֿישל געלבטוך ווערט פֿון דער סאָוועטישער מאכט באשטימט אלס פֿארשטייער פֿון דער קהילה. די שול איז האלב חרוב און פֿאראומרייניקט, קומען זיך די יידן צונויף דאוונען ביי משה געלב־טוך. מען גרייט זיך באקן מצה אויף פּסח. צווישן די יידן ווערט געזאמלט א סכום פֿון 6000 רובל אויף צורעכטמאכן די שול, ארומצאמען דעם בית עולם און די קברים אין פֿעלד.

אין מאי 1944 האָט א מעדיציניש־געריכטלעכע קאָמיסיע באזוכט די

מאסן קברים אין סקאלאט. אחוץ די פאָרשטייערס פון דער סאָוועטישער מאכט האָבן אין דער קאָמיסיע אָנטייל גענומען אָרטיקע דאָקטוירים, ריכטער, גלחים ווי אויך פאָרשטייערס פון די שרידים. עס זיינען אויך בייגעווען אלע סקאלאטער יידן. מען האָט פעסטגעשטעלט, אז עס געפינען זיך ניין מאסן־קברים. טיילעכע פון די קברים האָט מען געעפנט און פון זיי ארויסגענומען צען מתים. יידן האָבן בלויז דערקענט געצל שטרייכער און זיין ווייב נחמה (העכט). אויף צוויי קינדער האָבן דאָקטוירים פעסטגעשטעלט, אז זיי זיינען לעבעדיק באגראָבן געוואָרן; מען האָט אויף זיי ניט געפונען קיין סימנים פון שאָסן. עס זיינען געמאכט געוואָרן אויפ־נאמעס, בשעת די אונטערזוכונגען פון דער קאָמיסיע האָבן זיך אָפגעשפילט דרא־מאטישע מאָמענטן. אלע אָנטיילנעמערס האָבן געוויינט.

אין טיילעכע טעג שפעטער האָבן יידן ארומגעצאמט די קברים מיט סלופעס און דראָטן און פארפלאנצט 450 ביימלעך ארום זיי. יעדן זונטיק פלעגן יידן אר־בעטן ביים אָרדענען די קברים. אויף די קברים זיינען אויפגעשטעלט טאָוולען מיט אויפשריפט: „פה נטמנו ערך אלפים מאחינו בני ישראל, שנפלו על קידוש השם מחרב היטלער ימ״ש“.

די יידן האָבן אויך אָפגערייניקט און ארומגעצאמט דעם צעשטערטן בית עולם. מען האָט געבראכט צו קבר־ישראל האלב פארברענטע ספרי־תורות וואָס יידן האָבן צונויפגעקליבן. מען האָט אויך געבראכט צו קבר־ישראל דערהרגעטע וואָס זיינען געלעגן באגראָבן אין פאַרשיידענע דערבייאיקע ערטער. —

דער גרעסטער טייל יידן אין שטעטל האָט געארבעט. עס איז פארביי א יאָר. די מילחמה ענדיקט זיך. מיזרח־גאליציע בלייבט ביי אוקראינע. די סאָוועטן האָבן מודיע געווען, אז ווער עס וויל אריבערפאָרן קיין פוילן דארף זיך רעגיסטרירן. אלע שרידים האָבן זיך אנטשלאָסן צו פארלאָזן זייער היימשטעטל. אין יולי 1945 האָבן זיך אלע יידן פארזאמלט ביי די מאסן־קברים אין פעלד, כדי זיך צו געזעגע־נען מיט די טויטע. מען זאָגט קדיש און מען מאכט א הזכרה. די גאנצע עדה גייט דריי מאָל ארום די קברים און מען בעט די טויטע מחילה, פארוואָס מען לאָזט זיי איבער. „אויף דער פארשאָלטענער ערד וועט שוין מער א ייד קיין פוס ניט שטעלן“ — האָט יעקב פערלמוטער, איינער פון די רעדנערס, געזאָגט. עס האָבן נאָך גערעדט משה שעכטער און פישל געלבטוך. געוויינען, קליינע קינדערלעך ווארפן בלומען אויף די קברים. דאָס זעלבע דראמאטישע געזעגענען זיך און בעטן מחילה ביי די מתים קומט פאָר אויך אויפן בית עולם.

קיין ייד איז נים געבליבן אין דער אלמער היים. מען איז געלאָפן קיין פוילן, כדי פון דאָרט ווייטער צו קענען וואנדערן איבער דער וועלט.

---

איך וויל בלויז ברענגען א טיילווייזע רשימה פון מאָסגיביקע עדות, וואָס האָבן פיל בייגעטראָגן צו דער גאנצקייט פון מיין ארבעט:

אמאליא ווייסבראָד; אסתר פישבאך; הדסה זאָמערשטיין; אברהם זאָמער־שטיין; הענעק וויינבערג; אברהם שאפיראָ; אינזש. יוסף קאָפלער; יעקב פערל־מוטער; ניסן קלמן; מוניא בערנהויט; יוסף וועקסלער; מאיר גרינפעלד; מרדכי שפיגעל; מאקס מאָניאס.

מצד נים־יידן (פאָליאקן און אוקראאינער):

מיכאילאָ אָלעיניק; פיאָטר קוזשדעבא; יוזעף ניימאוער; יוזעף בערנאצקי; י. קאָוואלעווסקי.

---

# א שטעטל איז געשטאָרבן

(אויסקלאַנג)

אזוי איז געשטאָרבן א שטעטל.

אזוי איז ארויסגעריסן געוואָרן א יידישער יישוב, איינער צווישן א סך הונדערטער.

געווען אמאָל א שטעטל, געווען א היים, געווען מענטשן, געווען רחמנות, געווען האָפענונג, געווען גלויבן... און פלוצלונג געפינען מיר זיך אין א מידבר, נאקעט, אויסגעטאָן פון אלע ווערטן, פארשטויסן און געיאָגט, עס פארפאָלגט נאָך די טויט-שרעק פונעם נעכטן און פונעם היינט, אויך איז דער מאָרגן אזוי פאר-נעפלט. עס פעלט דער פונדאמענט, אויף וועלכן מיר וואָלטן געוואָלט בויען אונדזער לעבן און צוקונפט.

אונטערן דעקמאנטל פון אייראָפעאישער קולטור און ציוויליזאציע האָט אויף דעם דייטשן באָדן אויפגעבליט די גרעסטע געמיינקייט פון אלע צייטן. פון אָט דעם גיפט-נעסט איז מיט טייוולאָנישער קראפט אויסגעבראָכן די גרויסע מרידה קעגן די שענסטע דערגרייכונגען פון מענטשלעכן גייסט. יידן און יידישקייט זיינען דאָ געוואָרן דער גרעסטער קרבן. דער דייטשער וועלט-מטורף האָט באוויזן ארום זיך צו שאפן א ברייטן קרייז פון דער אינטערנאציאָנאלער געמיינקייט. אפילו פון פּאָליאקן, אוקראינער, ליטווינער, לעטן, די אונטערדריקטע פעלקער, האָט זיך געפונען א גרויסער טייל פון נידעריקע עלעמענטן, וואָס האָבן צוגעלייגט די האנט ביים אונטערדריקן די נאָך שוואכערע, די יידן.

עס זיינען מיליאָנען געפאלן. שטעטלעך זיינען געשטאָרבן. די אויסראָט-מאשין האָט פּלאנמעסיק געארבעט... דאָך וואקסט ווידער ערגעץ דאָס שטעטל דאָרט. ביימער זיינען ביימער; גערטענער זיינען גערטענער; אויך הייזער בויען זיך דאָרט נייע. עס איז דאָרט אלץ כמעט ווי געווען. בלויז איינס פעלט, — ניטאָ דער

יידישער יישוב. ער וועט אויך דאָרט קיינמאָל מער ניט זיין. ווייל ער איז אויסגע־ריסן געוואָרן מיט די וואָרצלען. און מיר, די לעצטע אנטלאָפענע פון די מתים־שטעט, — מיר וועלן זיכער אהין ניט צוריקקומען.

דאָס שטעטל איז פאר אונדז געשטאָרבן.

ניטאָ מער קיין יידיש סקאלאט.

ערגעץ אין א פרעמדער וועלט בלאָנקען זיך ארום די לעצטע על־פי־נס גע־ראטעוועטע, און זוכן א היים, און זוכן א גלויבן.

א היים וועלן מיר נאָך שווערע וואנדערונגען אפשר דאָך געפינען, א גלויבן אָבער, — דעם גלויבן?

## אינהאלט

